No. 1. 10 סענט

# וועלט-ביבליאטעק

אנטאָנינא סאָקאָליטש

# די פויסט

דראמא פון דער גרויסער
רוסישער רעוואָלוציע
אין 3 אקטען

איבערזעצט פון פויליש
פון ה. טויבענשלאג.

פארלאג
ה. טויבענשלאג
ניו-יארק

אנטאָנינאַ סאָקאָליטש

# די פויסט

דראַמא פון דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע
אין 3 אקטען

איבערזעצט פון פויליש
פון ה. טויבענשלאַג

פאַרלאַג ה. טויבענשלאַג, ניו יאָרק

## פערזאָנען:

| | |
|---|---|
| מאקסים פיאטאקאוו — — — — — — — — — — — | 45 יאהר אלט. |
| קאזימיר גאלדבלום — — — — — — — — — — | 30 " " |
| אנדריי וואסיליעוויטש מאלטשאנסקי — — — — | 35 " " |
| סטעפאן אנטאנאוויטש ניקאלאיעוו — — — — — — | 30 " " |
| ניקאדעם קאלאטשינסקי — — — — — — — — | 30 " " |
| וואלקאוו — — — — — — — — — — — — — | 25 " " |
| לודמילא אלעקסאנדראוונא — — — — — — — | 32 " " |
| זאפיא, פיאטאקאוו'ס פרוי — — — — — — — | 22 " " |

עטליכע סאלדאטען. דאס פאלק.

---

די געשעהעניש קומט פאר אין פעטראגראד אין 1917.

---

ערשטער אקט: אין גאלדבלום'ס וואוינונג.
צווייטער אקט: אין לאקאל פון „ארבייטער־ראט".
דריטער אקט: אין פאלאץ „סמאלני".

---

## ערשטער אקט.

### 1טע סצענע.

א קליין צימער — איינפאַך מעבלירט, הינטער א שפּאַניש ווענטעל — אַ בעט ; רעכטס — אַ פענסטער. די טיר לינקס אין דער טיף.

(קאזימיר גאָלדבלום, דאַרער ברונעט, א אידיש פּנים, אין סאָלדאטסקע קליידער מיט עפּאָלעטען פון א פעלדפעבעל, אַ נערוועז געזיכט, שעהן און אינטעליגענט. רעדט שנעל, אין קורצע פראַזען).

(אנדריי וואסילעוויטש מאַלטשאנסקי, א טיפּ פון א רוסישען סטודענט, בלאָנדין, רונדיג געזיכט, רעדט זינגענדיג, לאנגזאם, א העלען בליק).

(סטעפּאן אנטאָנאָוויטש ניקאָלאַיעוו, א סאָלדאט, ביי 30 יאָהר, הויכען וואוקס, ברייטבייניג מיט קורצע וואָנסען. רעדט הויך מיט א שטימע פון א שטענדיגען רעדנער, באנוצט אָפט דאָס וואָרט „פּלעוואט").

(ניקאדעם קאלאָטשינסקי, הויכער, סימפּאטישער, ביז 24 יאָהר. מען קען איהם אָננעהמען פאַר אַ פּאָליאַק אָרים געקליידעט, אין אויסגעדרעהטע שיך, רעדט ערנסט, הויך ; פון צייט צו צייט פאַרהאַקט ער זיך און ווערענדיג פארשעהמט גיט ער א מאַך מיט דער האנד און ווערט אנטשוויגען).

בעפאַר דער פאָרהאַנג ווערט ארויפגעצויגען הערט זיך א לעבהאַפטע, הויכע דיסקוסיע. ניקאָלאַיעוו'ס שטימע פארשרייט אלעמען...

ניקאָלאַיעוו (נאָכ'ן אַרויפציהען דעם פאָרהאַנג רייסט זיך אָפּ פון שטוהל, מאַכט מיט די הענט איבער מאָלטשאַנסקי'ן) : געוויס ! אָט איז עס ! איהר האָט רעכט ! דער רעוואָלוציאָנערער סאָלדאט וועט ליגען אין די אָקאָפּעס, וועט איבערטראָגען הונגער, נויט, לייז, ביז די „עליים" וועלען נישט ארויסבאַקומען פון די דייטשען די בעסטע באדינגונגען... טפו !.. פּלעוואט אויף אַזאַ רעוואָלוציע...

מאָלטשאַנסקי : רעדט, אַבי גערעדט זאָל

ווערען! באַנוצט זיך מיט פּראַזען. די דייטשען פון רוסלאַנד דאַרף מען אַרויסטרייבען!... אויף דעם וועט איהר דאָך איינשטימען?

ניקאָלאַיעוו (אויפגערעגט): אויף דער סטרוּנע רעוועןּ אַלע נאַציאָנאַליסטען צוזאַמען מיט פּורישקעוויטש... צו וואָס קריכט איהר אין א סאָציאַליסטישע פּאַרטיי? פּלעוואַט אויף אַזאַ סאָציאַליזם!...

מאַלטשאַנסקי (שטויסט איהם לייכט אָפּ): דאָס איז נישט קיין אַרגומענט. אַלע סאָציאַליסטען פון מערב אייראָפּע שטעהען היינט פאַר פאַרטיידיגען דאָס פאַטערלאַנד גענען אָנפאַל. אין דייטשלאַנד...

ניקאָלאַיעוו (רייסט איהם איבער): פּלעוואַט אויף די שיידעמאַנאָוועס! מיר ווייסען, אַז דער מלחמה־משוגעת האָט אַלעמען פאַרכאַפּט, אָבער אויך דאַרט פאַנגט זיך שוין אָן צו ענטוויקלען דער געזונטער פאָלקס־אינסטינקט. איהר וועט זעהן, וואָס פּיאַטאקאָוו וועט אונז ברענגען! ער קאָנפערירט מיט די „אונאַבהענגיגע“ אין לוזאַן שוין 3 טעג. מיר וועלען וואַרפען די לאָזונג פון אָן אַלגעמיינעם מלחמה־סטרייק... פּיאַטאַקאָוו אָרגאַניזירט א גאַנצען שטאַב פון אַגיטאַטאָרען, וואָס זיינען נאָך נישט אָנגעשטעקט מיט'ן פאַרפוילטען נאַציאָנאַליזם. אונזערע מענשען זיינען פאַרנאַרט דורך קערענסקי'ס אַדוואָקאַטסקע פּראַזען...

גאָלדבלום (רייסט איבער): הערט אויף!... לאָזט צורוה!... מען דאַרף זיך ערנסט פאַרטראַכטען אויפ'ן באַריכט פון די פאָרגעקומענע געשעהענישען, כדי מאַקסים זאָל זיך גלייך קאָנען אָריענטירען מיט וואָס ער דאַרף אַרויסטרעטען אויף דעם באַגריסונגס־מיטינג... איך האָב צוגעזאָגט אויף 6 א זייגער זיין רעדע אין „סאָוועט“. און אויב ער וועט נישט קומען, אָדער וועט זיך פאַרשפּעטיגען — מוז אַרויסטרעטען איינער פון אונז.

קאָלאַטשינסקי: פּיאַטאַקאָוו קען אַמאָל אינגאַנצען נישט קומען צופאָהרען...

גאָלדבלום: ער וועט זיכער קומען — ער האָט

דאָך טעלעגראַפירט פון העלזינגפאָרס... לודמילא איז צו איהם ארויסגעפאָהרען...

קאַלאַטשינסקי: הם!... אויב לודמילא איז שלעכט... זי וועט איהם איינזייטיג אינפאָרמירען. אייגענטליך איז זי פאַרנומען מיט פערזענליכע פראַגען...

ניקאָלאַיעוו: מיט וועלכע? וואָס איז ווידער?

קאלאטשינסקי: זי האָט דאָך אַן אַלטע שייכות צו מאַקסים'ען... דאָס מיידעל איז נאָך היינט אין איהם פאַרליבט... (פאַרשעהמט זיך פלוצלונג) אייגענטליך וויים איך נישט... עס איז נישט מיין עסק...

ניקאָלאַיעוו: טפו!... פלעוואַט!... האָט נישט געקענט קיין אַנדערער ארויספאָהרען צו מאַק־סים'ען? טויזענדער פראַגען, און זיי האָבען געשיקט אַ געליבטע, איהם צו פאַרדרעהען אַ קאָפּ מיט אמאָר... טפו!... אייביג נאַרישקייט!...

מאַלטשאַנסקי: קיינער האָט איהר נישט געשיקט. זי איז געפאָהרען מיט אייגענער איניציאַ־טיוו... דאָס איז איהרע אַ פערזענליכע זאַך. מיר מישען זיך נישט אין דעם...

גאָלדבלום: מען דאַרף זיך יאָ אין דעם אריינמישען... מאַקסים מוז זיך אומבאַדינגט אָפּגעבען אויסשליסליך דער רעוואָלוציע...

ניקאָלאַיעוו (לאַכט גראָב): נו... דאָס וועט ווידער דער רעוואָלוציע נישט שאַדען... צי איהר, איך אָדער אַנדערע האָבען געשוואָרען פאַר דער ריינקייט פון דער הייליגער רעוואָלוציע?

גאָלדבלום (קאָכט זיך): נישט וועגען דעם נעהט עס... לודמילא פאַנגט אָן צו „פּאָליטיקירען", מיט די „אָבאָראָנצעס" האַלט זי אָן פאַרבינדונגען; קערענסקי'ן האָט זי נעכטען איינגעאָרדענט אַ מאַ־ניפעסטאַציע. עס איז נישט נויטיג, אז פּיאַטאַקאָוו זאָל האָבען נאָהענט פון זיך „אָנגעשטעקטע". דאָס

ערגערט, אָדער עס ווירקט אויף אין אַ נישט נויטיגע ריכטונג...

ניקאָלאַיעוו: נו! לאָז אָפּ! ווען אַלע מיינע געליבטע זאָלען דאַרפען ווירקען אויף מיין פּאָליטישען קוק — וואָלט איך שוין לאַנג הורא געשריען לכבוד דער מלחמה, אָדער איך וואָלט געמאַכט שווינדעל אויפ'ן פּאָדריאַד! טפו! פלעוואַט!...

גאָלדבלום: עפּעס אַנדערש איז אַ צופעליגע געליבטע, און לאַנגע באַקאַנטשאַפט מיט אַ גלייכע צו זיך חבר'טע — פרוי... מאַקסים האָט ליב געהאַט לודמילען..

קאָלאַטשינסקי: איך האָב געהערט פאַר־קערט... ער האָט געוואָלט פון איהר פּטור ווערען... (פארשעהמט) אייגענטליך וויים איך נישט... איך האָב געהערט...

מאָלטשאַנסקי: מאַקסים איז אַ שטאַרקער מענש... לאָמיר האָפען, אז קיינע זייטיגע, אומבאַדיי־טענדע לעבענס פאַסירונגען וועט איהם ניט פאַר־פיהרען... זאָל ער נאָר קומען.

2 טע סצענע.

(לודמילא געהט אריין. א ברונעטקע, ביי 32 יאָהר אלט, אַ מאָגערע, א נערוועז געזיכט, ריהרעוודיג. קוטט אַריין דענערווירט, בלאס. באַגריסט זיך און רעדט גלייכ־צייטיג). וואָס מאַכט איהר? איך קום אַליין, מאַק־סים איז נישטאָ; אין וויבאָרג האָב איך געוואַרט אויף צוויי צוגען... ווייזט אויס, אז עפּעס גאָר אוי־סערגעוועהנליכעס האָט פאַסירט. איך ברענג אייך וויכטיגע נייעס! ווייסט איהר? מען אַגיטירט שרעק־ליך געגען מאַקסימען, מ'וואַרפט אויף איהם פיל שמוץ, פאַר זיין דורכפאָהרען די דייטשע טעריטאַריע מיט דער ערלויבניש פון דער בערלינער רעגירונג... וואַרשיינליך ווילען זיי איהם איינפאַך אונשעדליך מאַכען... צוריק גערעדט! ער האָט געטאָן זעהר ניט טאַקטיש. וועט דער זאַך פאַטאַל שעדיגען... ער האָט געגעבען אַ וויכטיג געוועהר געגען זיך! ...

ניקאָלאיעוו: פּלעוואַט! אויף די רייד און לינענס פון די בורזשועז...

לודמילא: נישט וועגן די בורזשועז, גאָר־נישט וועגן בורזשועז רעדט זיך דאָ!... אונזער סאָ־ציאַליסטישע פּרעסע טרעט שאַרף אַרויס געגען די פאַרהאַנדלונגען פון מאַקסימען מיט דער בערלינער רעגירונג וועגען דורכפאָהרען. דאָס איז געווען אַ פעהלער נישט צו פאַרגעבען. ער האָט געקאָנט קומען אונלעגאַל דורך ענגלאַנד...

ניקאָלאיעוו: ווייזט אויס, אַז ער האָט נישט געקענט; די ענגלישע הינט האָבען אויף איהם געַ־וואַרט ביי אַלע סטאַנציעס. זיי וואָלטען איהם אַזוי באַהאַלטען, אַז ביז'ן סוף פון דער מלחמה, אָדער שוין קיינמאָל וואָלטען מיר איהם נישט געזעהן. מאַקסים קען אויסגעצייכענט אונזערע „פאַרבינדעטע“. ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער אויסוועג, אייגענטליך איז עס אַזאַ קליינע נישטיגקייט, אַז פּלעוואַט! דאָס וויכ־טיגסטע, ער זאָל זיך שוין אַמאָל באַווייזען! מיט יעדען טאָג פאַרלירען מיר אונזער ווירקונג ביים מילי־טער און אויפ'ן דאָרף... די „אָבאָראָנצעס“ באַנוצען זיך מיט קאָלאָסאַלע מיטלען. דער רעפּובליקאַנישער שאָוויניזם כאַפּט אַרום די מאַסע. קערענסקי רעדט מיט יעדען מאָל אַלץ דרייסטער וועגען מלחמה ביז'ן „ענדגילטיגען נצחון“. „בורגפרידען“ ווערט וואָס ווייַ־טער אַלץ מעהר פּאָפּולער און מיר זיינען אָהן אַ פּיה־רער, אָהן אַ באַשטימטען ציל! טפו! פּלעוואַט! צו־ליב דעם האָט מען באַדאַרפט אַראָפּוואַרפען דעם צאַר, מאַכען אַ רעוואָלוציע, אַז די קאַדעטען און רעכטע זאָ־לען פאַרפעסטיגען זייער מאַכט אויף אונזערע פּליי־צעס! פּלעוואַט!

גאָלדבלום: נו, גענוג, גענוג! מאַקסים איז נישט געקומען! לאָמיר געהן אין „סאָוועט“. שוין באַלד 6. היינט איז אַ דיסקוסיע איבער טיילווייזער דעמאָביליזאַציע — מיר מוזען דאָרט זיין! איהר געהט, לודאַ?

לודמילא: ניין, איך בין אויסגעמאַטערט. איך

וועל זיך אָפּרוהען. ערקויבט איהר אָפּרוהען דאָ ביי איך? אין אַ שטונדע, צוויי, וועל איך קומען!

גאָלדבלום: מיט'ן גרעסטען פארגעניגען! שנעל חברים. אנדריי וואסילעוויטש! איהר וועט רעדען דער ערשטער!

מאָלטשאנסקי: אפשר בעסער ניקאָלאַיעוו?

גאָלדבלום: סטעפאן אנטאָנאָוויטש אויפ'ן לעצטען רעזערוו, ווען מ'וועט שוין דארפען, שרייען און קלאַפּען מיט'ן פויסט אין טיש...

(אַלע לאכען און קלייבען זיך געהן.)

גאָלדבלום: צום ווידערזעהן לודא! רוהט זיך אָפּ און קומט צוגעהן. היינט אויף דער זיצונג וועט געווים היים זיין...

(אַלע געזעגענען זיך מיט לודמילא'ן און געהען ארויס ריידענדיג הויך.)

## 3 טע סצענע

(לודמילאַ אַליין, שפּעטער מאַקסים און זאָפּיאַ.)

(לודמילא פארשליסט די טיר, פאַרטראַכט זיך אויף אַ מינוט, נעהמט ארויס פון האַנדבייטעל אַ טעלעגראַמע, לעזט, רעכינט אויף דעם קאַלענדאַר. נאָכדעם לעגט זי זיך אין די קליידער אויף גאָלדבלום'ס בעטעל. גלייך הערט זיך אַ שטאַרק קלאַפּען אין טיר. לויפט אַראָפּ נערוועז, עפענט שנעל. פּיאטאַקאָוו געהט אריין.)

פּיאטאַקאָוו (אַ גרויס כאַראַקטעריסטיש פּנים, מיט אַ הויכען שטערען און זעהר דיקע ברעמען; מיט אַ קורץ בערדעל און גראָבע ליפּען. אָנגעטאָן אין רייזע־קליידער, אויף דער פּלייצע אַ רייזע־טאָרבע. געהט אריין און וואונדערט זיך). איהר, דאָ? לודמילאַ? (דער־לאַנגט איהר די האַנט).

לודמילאַ (מיט פרייד אין די אויגען): מאַק־סים!... ענדליך זייט איהר דאָ! מאַקס! (מאַכט אַ באַוועגונג, ווי זי וויל אַריינפאַלען אין זיינע אָרעמס — ציהט זיך צוריק צומישט... הינטער מאַקסים'ען געהט זאָפּיאַ מאַצקעוויטש — אַ שעהנע, יונגע בלאָנדינקע מיט

בלאָהע אויגען; אין אַ געוועהנליך, אָבער געשמאַקען רייזע־קאָסטיום, אין א קליינעם הוט ארומגענומען מיט אַ בונד בלומען.. אַ לאַכענדע און שטראַלענדע שטעלט זי זיך הינטער מאַקסים׳ען.)

מ אַ ק ס י ם (שטעלט פאָר): זאָפּ א וואצלאַוואָוונאַ מיצקעוויטש. זייט באַקאַנט. (צו זאָפּיע) דאָס איז די אַלטע גענאָסינע לודמילא.

זאָ פּ י אַ (הערצליך): איך באַגריס אייך! מיט וואָס פאַר א פרייד האָבען מיר זיך געאיילט צו דער באַפרייטער רוסלאַנד. עס איז שווער דאָס צו שיל־דערען. פּונקט ווי פייערדיגע פערד וואָלטען אונז נעַ־פיהרט! אויף די פליגלען פון ענטוזיאזם..

ל ו ד מ י ל אַ (קאַלט און אביסעל איראָניש): באמת האָט מאַקסים מיט זיין קומען זעהר פיל פאַרשפּעט־טיגט... זייט דריי וואָכען ווי מיר ערוואַרטען איהם — איך בין נעוועזן... (פאַרהאַקט זיך קוקענדיג אויף זאָפּיע׳ן — ענדערט די טעמע פון איהר געשפּרעך). היינט ער־וואַרטעט מען אייך אין „סאָוועט“. גאָלדבלום וויל, איהר זאָלט דאָרט היינט אַרויסטרעטען מיט א באַגרי־סונגס רעדע. היינט איז א דיסקוסיע איבער טיילוויי־זער דעמאָביליזאַציע...

פּ י אַ ט אַ ק אָ ו ו (טוט אויס דעם מאַנטעל — העלפט זאָפּיע׳ן אויסטאָן איהר רייזע מאַנטעל — פאַראינטערע־סירט): וואָס הערט זיך ביי אייך? ווי גיט איהר זיך אַן עצה מיט די נאַציאָנאַליסטען פון די פאַרשידענע ריכטונגען? אונזער ריכטונג האָט שאַנסען, אָדער ניין?

ל ו ד מ י ל אַ (באַטראַכט די באַציהונג פון פּיאַטאַ־קאָוו׳ן צו זאָפּיע׳ן. ביי יעדע דערנעהנטערונג פון מאַק־סים׳ען צו זאָפּיע׳ן פאַרציהט זי דראָהענד די ברעמען — באַמיהט זיך אָבער צו באַהערשען און ענטפערט ערנסט): מיר טוען וואָס מיר קאָנען, אָבער פיל אויפטאָן קאָן מען נישט אָהן א באַשטימטען אויסגעשפּראָכענעם ציל... איך בין זיך פאַר אייך מודה, אז נישט איינמאָל באַטראַכט איך אונזער אָפּאָזיציע צו דער איצטינער רעגירונג פאַר א ספּאָרט!

פּיאַטאַקאָוו (שפּרייזט ארום; די הענט פאַר־לעגט אויף הינטען. שטעלט זיך האַסטיג אָפּ פאַר לודמילע׳ן און פרעגט מיט כעס): וואָס הייסט? א ספּאָרט? איז עס שוין אזוי שלעכט ביי אייך, אז אפילו איהר, פיה־רער, זעהט ניט די נויטווענדיגקייט ארויסצורייסען מיט׳ן וואָרצעל דאָס אַלטע, שקלאַפּישע, פינסטערע רוסלאנד? איהר גיט זיך גאָר נישט אָפּ קיין רעכע־נונג, אז די רעוואָלוציע דארף מען ערשט אָנהויבען?

לודמילא (טרוקען): ביים רעגירונגס־רודער זיינען אונזערע גענאָסען, סאָציאַליסטען, אפילו מיר! דאָס צאַרישע רוסלאנד איז אונטערגעגאנגען... מיר קענען טאָן, שאַפען, בויען דאָס נייע רוסלאנד, אָנ־שרייבען א קאָנסטיטוציע, איינפיהרען רעפאָרמען! אַלץ איז צום בויען, גאָרנישט צום צושטערען...

פּיאַטאַקאָוו (קוקט אויף איהר אויפמערקזאם און רעדט מיט א זיכערען טאָן ווי אַ באַפעהל): זייט איהר אין צענטראַלען אויספיהרונגס קאָמיטעט?

לודמילא: יאָ... שוין דריי מאָנאַט...

פּיאַטאַקאָוו: מוזט איהר זיך צוריקציהען ניט בלויז פון קאָמיטעט, נאָר אויך פון דער פּארטיי!

לודמילא (נישט באַהערשענדיג זיך). וואָס? איך אנערקען אייך נישט, מאַקסים! מיט וואָסערע רעכט וועט איהר דיקטירען וואָס איך דארף טאָן? איך בין געוואָרען אויסגעקליבען אין קאָמיטעט מיט 9־צעהנטעל שטימען פון גאנצען צוזאמענפאָהר.

פּיאַטאַקאָוו: און איך וועל אייך אומבאַ־דינגט אויסשליסען פון דער פּארטיי... קיינע קאָמפּראָ־מיסען... וועל אָנפאנגען צום ערשטען פון דער פּאַר־טיי... (דראָהענד) אין דער פּארטיי מוז הערשען איין געדאנק, איין גייסט, איין ווילען...

לודמילא: אייער ווילען? דיקטאַטאָר!...

פּיאַטאַקאָוו (קאַלט): יע! דיקטאַטאָר! איך בין אהער געקומען נישט צו באַלאַקען; צו ווע־בעלטליכע „פּרינציפּיעלע” דיסקוסיעס. אדיע... איך בין אהער געקומען טאָן און מוז האָבען זיכערע מענ־שען, אייגענע.

לודמילא: נארישקייטען!... איהר פאַנגט אָן שלעכט! איך זאָג אייך פאָראויס, דאָס וועט אייך נישט געלינגען... „זעלבסטהערשונג" איז פון רוסלאַנד אויף אייביג פארטריבען און אויף קיין פאַל, אין קיין שום פאָרמע וועט זיך עס שוין צוריק נישט אומקערען...

פיאטאקאָוו (מאַכט אומגעדולדיג מיט דער האַנד): איהר וועט ארויספליהען פון דער פארטיי, מיט אַ מערהייט שטימען, אויב עס געהט אייך אין דעם...

(לודמילא מאַכט אַ פראָטעסט־באַוועגונג.)

פיאטאקאָוו (קאַלט): די זיצונגען פון „סאָוועט" קומען דוכט זיך פאַר אין יעקאטערינסלעב טעאַטער?

לודמילא (מעכאַניש) יאָ.

פיאטאקאָוו (טוט אָן דעם מאַנטעל, ווענדעט זיך צו זאָפיען): מאַך זיך דאָ היימיש — טייערע. רוה זיך אָפּ און וואַרט ביז איך וועל קומען. נאָכדעם וועט שוין טראַכטען וועגען אַ וואוינונג פאַר אונז. די זאַכען פון אונטען וועל איך הייסען ארויפטראָגען... צום ווידערזעהן! (געהט ארויס נישט קוקענדיג אפילו אויף לודמילע'ן.)

### 4טע סצענע.

זאָפיא (פריינדליך): נעהמט נישט שטאַרק צום הארצען מאַקסים'ס שטרענגע האַנדלונג. אין דער לעצטער צייט ארבייט ער שרעקליך אין איין ריכטונג... זיין מח איז פול מיט פראָיעקטען וועגען אַ סאָציאַליסטישער איבערקערעניש אין רוסלאַנד און איבער גאַנץ אייראָפּע. ער איז אונ'ברחמנות'דיג ווען עס האַנדעלט זיך וועגען וועלכען ס'איז קאָמפראָמיס אין אַ רעכטע ריכטונג... איהר וועט זיך לענגער דורכשמועסען, געגענזייטיג אויסרעדען, און איהר וועט זיכער קומען צו אַ געמיינזאַמע פארשטענדיגונג און צוזאַמען ארבייטען פאַר דער גוטס־

קייט פון דער רעוואָלוציע! (געהט צו צו לודמילע׳ן און וויל איהר הערצליך דריקען די האַנד.)

לודמילא (קערט זיך אָפּ אויף צוריק, כמעט ברוטאַל, און זאָגט ־קאַלט): אַ דאַנק אייך פאַר די באַרוהיגונגס־ווערטער! אָבער . . . (פארהאַקט זיך, און פרעגט מיט אַ קאַלטען טאָן.) ווער זייט איהר?... וואָס פאַר אַ שייכות האָט איהר מיט מאַקסימען?... מיט דער פּאַרטיי?... איהר, דוכט זיך, לויט דעם אַקצענט, זייט אַ פּוילישע?...

זאָפיא (פיהלט זיך אַ ביסעל פארלאָרען און קוקט מיט אַ געוויסע אונרוהיגקייט אויף לודמילען, ענטשלאָסט זיך און רעדט רוהיג): איך בין אַ פּוילישע, און מיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען, אויב איהר ווילט וויסען... (פארלירט זיך און מיט אַ ווייכע שטימע גיט זי שטיל צו.) איך בין מיט דער גאַנצער נשמה, מיט׳ן גאַנצען פארשטאַנד מיט מאַקסימען... איך גלויב אין איהם! און וועגען מיין שייכות צו מאַקסימען... בין איך זיין פרוי, און מוטער פון אונזערם אַ טייער, צוויי יעהריגעס טעכטעריל... (איהר שטימע ציטערט.)

לודמילא (פאַרהאַקט דאָס מויל, און פארקרימט דאָס פּנים. אַ מינוט נישט אַנגענעהמע שטילקייט. זאָפיא קוקט צומישט, וויל וואָס זאָגען — ווייסט נישט וואָס... לודמילא באהערשט זיך — הויבט פּאַמעליך אָן צו שפּרייזען איבער׳ן צימער, די הענד פארלעגט אויף הינטען — שטעלט זיך ענדליך אָפּ פאַר זאָפיען און רעדט האַרט, שנעל, ווי זי וואָלט פון זיך יעדעס וואָרט ארויס־געוואָרפען): נישט גוט... נישט פאַרזיכטיג האָט איהר געטאָן צו קומען אהער מיט מאַקסימען. איהר האָט באַדאַרפט בלייבען אין דער רוהיגער שווייץ, היטען דעם אוצר, דאָס גליק, דאָס טייערע טעכטע־ריל... דאָ וואַרט אויף מאַקסימען אַ שווערער, שרעק־ליכער, אונברחמנות׳דיגער קאַמף! (ווי דראָהענד.) יע, אַן אומברחמנות׳דיגער קאַמף, ווען ער איז גע־קומען מיט פּלענער פון דיקטאַטור. האָ!... האָ!... דאָ געפינען זיך אַ סך אַזעלכע קאַנדידאַטען, און מיר, יאָ מיר... סאָציאַליסטען, חברים האָבען געקעמפט

אויף לעבען און טויט מיט די דיקטאטאָרסקע שטרע־בונגען! און מאקסים וועט דארפען אָנהויבען א קאמף אפילו מיט אונז!... אונז איז נויטיג א קאָנ־סטיטואַנטע, באפעסטיגען די פרייהייטס פרינציפּען, און נישט קיין דיקטאטור, נישט קיין קולאַק, נישט קיין פויסט, אפילו א סאָציאַליסטישען!... איהר האָט געראַרפט פארהאלטען מאַקסימען כאָטש דורך ליבע... איהר, פּוילישע — קענט דאָך עס אויסגעצייכענט! (קוקט אויף זאָפיען שטעכענד.) דאָ קען מאַקסימען טרעפען א מפּלה... א קאטאסטראָפע... מיר האָבען נאָך נישט פארגעסען די מעטאָדען, מיט וועלכע מען קעמפט געגען זעלבסטהערשער...

זאָפיא (צושראָקען, איהר פּנים ציטערט נער־וועז, באַהערשט זיך אָבער און ענטפערט רוהיג): די אַלע ארגומענטען באהאלט פאר מאַקסימען. ער וועט אייך אויף זיי ענטפערען... זיכער וועלען זיי איהם נישט אָפּשרעקען... ער איז א פעסטער מענש. (מיט גרויסקייט.) געוויס, קענט איהר דאָך איהם נישט פון היינט... א מענש, וועלכער ציהט זיך נישט צוריק פאר קיין פאראנטוואָרטליכקייט און קאָנסעקווענצען... פעהיג אויפצונעהמען א קאמף מיט דער גאנצער וועלט...

לודמילא (איראָניש): א טיטאַן!

זאָפיא (דערוואַרעמט זיך): יע! מאקסים איז נישט בלויז דער פיהרער פון דער פארטיי! ער שטרעבט צו א גרויסע זאך, צו אן אייביגעס... ער וויל מיט זיין שטאַרקען גייסט און ווילען שטופען די מענשליכע געשיכטע אויף טויזענדער מיילען פאר־אויס...

לודמילא (קאַלט): ווערט נישט אומזיסט באגייסטערט. איהר וועט מיט דעם קיינעם נישט איבערציייגען און קיינעם געווינען. אונז ערוואַרטעט דאָ הארטע, שווערע ארבייט... מ׳דארף רוסלאנד אויפבויען פון סאמע אָנפאנג, פון עלעמענטארע שו־לען. עס איז איצט קיין צייט אויף עקספּערימענ־טע... פאנטאזיעס א. ד. גל... בעסער זאָלען מיר

ווענען דעם גאָרנישט רעדען, רוהט זיך אויס בעסער... נעהמט חבר גאָלדבלומ׳ס בעט... איך וועל ארויסגעהן, איך וועל אייך נישט שטערען !...

ז אָ פ י א (נערוועז) : ניין ! ניין ! איהר שטערט מיר אבסאָלוט נישט. איך וואָלט נישט געקענט איינשלאָפען ; דאָס, וואָס איהר רעדט, אינ־טערעסירט מיר זעהר שטארק. ווייסט ? הייסט עס, איהר רעכנט, אז מאַקסים וועט דאָ באגעגענען א שווערען קאמף, ער וועט נישט געפינען א גרויסע מערהייט מענשען, וועלכע זאָלען פארשטעהן זיין אידעע ? וואָס זאָלען געהן מיט איהם ? וואָס זאָלען צוזאמען מיט איהם באשאפען א ניי, ליכטיג און שטראַלענדעס לעבען ? מאַקסים קען דאָך דאָס יונגע רוסלאנד, דאָס פאָלק דורך און דורך ? ער איז דאָך איהר קלאָרסטער אויסדרוקער ? האָט ער דאָך רעכט צו באשאפען נייע, בעסערע לעבענס־פאָרמען ?

לודמילא (קוקט אויף איהר פינסטער).

זאָפיא (אונרוהיג דורך איהר שווייגען) : צי ערווארטעט מען דאָ נישט מאַקסימען מיט אונגע־דולד ? צי דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק, דאָס גאַנצע רעוואָלוציאָנערע רוסלאנד קען נאָך נישט זייער פיה־רער ? זייער שאפער ? (פויזע.) פארוואָס ענטפערט איהר מיר גאָרנישט ? פארוואָס שווייגט איהר אזוי געהיימניספול ?

לודמילא (לעבט אינערליך דורך ליידען פון אויפערזוכט, כעס און שטארקע איראָניע. מאכט זיך פעסט און קאַלט, ווי מיט מעסערס פארוואונדעט איהרע ווערטער זאָפיען) : און איהר ?... זייט עס די פרוי... מאַק־סימ׳ס געליבטע ? זיין נאָהנטסטער מענש ? אין אייער געזעלשאפט גיט ער אָפּ אזוי פיל יאָהרען ? טראָגט איבער אייער קינדערשע באגייסטערונג און אייערע... פריקרע עפעקטען ? און דאָס מוטשעט איהם נישט ? ביז היינט איז ער פון אייך נישט אנטלאָפען ? וואונדערליך !...

זאָפיא (אין די אויגען טרערען) : איך ווייס נישט פארוואָס איהר באליידיגט מיר ? דוכט זיך,

עס איז גאַנץ נאַטירליך, אַז נאָך אַזוי פיל שטערע־
נישען, שווערע ארבייט און באַמיהונגען זיינען מיר
ענדליך געקומען אין מאַקסים'ס לאַנד, זאָל איך זיך
פיהלען גוט, פריי, און געגען מיין ווילען זאָגט זיך
דאָס, מיט וואָס מיין נשמה איז איבערפולט... איך
בעט אייך איבער, פאַרוואָס איך האָב מיך אַזוי אַוועק־
געלאָזט מיט'ן געפיהל. איך קען אויך איבער זיך
הערשען...

לודמילא (נישט פריינדליך נעהמט אַ בוך און
הויבט אָן צו לעזען).

זאָפיא (קוקט אויף איהר צומישט, קוקט זיך
ארום, געהט ארונטער הינטער'ן ווענטעל, נעהמט מיט
ביידע הענד ארום די קאָפּ, שטעהט אַ ווײַלע אַנגעשפּאַרט
אין וואַנד, איהר גאַנצער בליק דריקט אויס גרויס
שמערצען און ערנידערונג).

לודמילא (באַטראַכט איהר דורכ'ן פענסטער און
וואַרפט איהר צו נישט ווילענדיג): לעגט זיך בעסער
שלאָפען... דער וועג האָט אייך געוויס אויסגעמאַ־
טערט... (לעזט ווייטער, מאַכט זיך ווי זי איז שטאַרק
פאַראינטערעסירט אין לעזען).

זאָפיא (ציטערט אויף און ענטפערט שטיל):
אַ דאַנק, איך בין פאַקטיש מיד... (לעגט זיך אויפ'ן
בעט און מאַכט צו די אויגען).

לודמילא (וואַרפט אַוועק דאָס בוך, שטעלט זיך
אויף, קוקט בייז אויף דער ליגענדער זאָפיען, נישט ווי־
לענדיג פאַרברעכט זי די הענד אין פאַרצווייפלונג. אי־
בער איהר געזיכט לויפען בליצשנעל פאַרשידענע פרויען־
ריגע געדאַנקען. נערוועז, דערנעהנט זיך שנעל צום
פענסטער... פון דער גאַס הערט זיך דאָס קלאַפען פון די
דראָזשקעס, דער רויש פון גאַס — דאָס קלינגען פון די
טראַמוויען, איבער זיי אַלע הערט זיך דאָס קלינגען פון
די קלויסטערס — פון אָנפאַנג איינער, צוויי, שפּיל,
וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער גיסען זיי זיך צונויף אין
איין כאָר... לודמילא שפּאַרט זיך אָן אין פענסטער און
הערט זיך איין — ווייזט אויס, עס באַרוהיגט איהר...
נישט ווילענדיג שעפטשעט זי): דאָך ווי שעהן איז אַ

טראַדיציע!... גלאָקען! קלויסטער גלאָקען, וואָס זאָגט איהר אונז?

זאָפּיאַ (הויבט זיך אויף און זעצט זיך אויפ׳ן בעטעל. הערט זיך איין): דאָס זיינען עס די קלאַנגען, נאָך וועלכע מאַקסים האָט אזוי געבענקט?

(אַ לאַנגע פויזע — פּלוצלונג אַ שטאַרקע קלאַפּעריי אין טיר — ביידע ציטערען אויף — גלייכצייטיג רעדענדיג אַלע צוזאַמען מיט טומעל, געהען אריין מאַקסים, גאָלדבלום, מאַלטשאַנסקי, ניקאָלאַיעוו און קאַלאַטשינסקי).

## 5 טע סצענע.

ניקאָלאַיעוו: דער איינדרוק איז אַ גערוואַלדיגער!... אָבער, וואָס איז דאָ צו רעדען!... די „אָבאָראָנצעס" זיינען פּאַקטיש צו נאַר געוואָרען, האָבען זיך געדרעהט, ווי שלאַנגען... אָבער מאַקסים... האָט איהר עס זיי אריינגעהאַקט אַ קלין... (לעבעדיג.) און דאָס אזוי שנעל, פּונקט ווי איינער וואָלט מיט אַ שאַרפע האַק שטיינער געהאַקט!... אויסגעצייכענט!... (רעדען ווייטער.)

מאַקסים (טוט אויס דעם הוט, מאַנטעל, קוקט זיך ארום): וואו איז זאָפּיאַ?

זאָפּיאַ (הינטער׳ן ווענטעל): אַט שוין די מינוט, איך האָב זיך אָפּגערוהט...

לודמילאַ (ביים פּענסטער צו מאַקסימען): מאַקסים! איך מוז זיך מיט דיר אָפּען דורכשמועסען. (באַהערשט זיך מיט שוועריגקייטען.)

מאַקסים: צי אין דער פראַגע וועגען אייער שטעלונג אין צענטראַל קאָמיטעט? אויך איך מוז זיך מיט אייך קלאָר דורכרעדען... ענדגילטיג...

לודמילאַ: ניין!... דאָס שפּעטער... (פאַרקלערט זיך אַ ווײַלע — פּלוצלונג פעסט.) מאַקסים! די פּערזאָן וואָס איז לעבען דיר — איז אַן אַבסורד...

פּיאַטאַקאָוו (ווענדעט דאָס פּנים ווערט ווי פאַרשטיינערט): די פראַגע לאָזט איבער פאַר מיר צו ענטשיידען! איך וועל קיינעם נישט ערלויבען זיך אריינצומישען אין פּערזענליכע פראַגען... גענוג...

לודמילא (פארהאַלט איהם און רעדט מיט היץ): מאַכסט אַ טעות!... די פראַגע איז נישט בלויז דיין פערזענליכע... דאָס איז מיינע אַ פראַגע! די פראַגע איז צונויפגעבונדען מיט מיין לעבען!...

פּיאַטאַקאָוו (אונצופרידען): האָסט שוין לאַנג באַדאַרפט דעם עפּיזאָד פון אונזערע באַציהונגען אַרויסרייסען פון זכרון. אויב דו האָסט עס נישט געטאָן —. אַלץ ערגער פאַר דיר... איך פיהל דיר מיט, אויב עס טוט דיר וועה, אָבער איך האָב אַבסאָלוט קיין געמיינזאַמעס מיט יענעם עפּיזאָד. איך בעט דיר, זאָלען מיר נישט רעדען מעהר וועגען דעם... (וויל אָפּגעהן.)

לודמילא (באַהערשט זיך — רעדט אין אַ רוהי־גערען, אָבער נערוועזען טאָן, אין וועלכען עס פיהלט זיך צייטענווייז אַ דראָהענדע שטימע): יע, עס קען זיין, אַז דו האָסט שוין נישט מעהר קיין געמיינזאַמעס... אָבער נישט בלויז דו גערעכנט אריין אין רעכנונג!... דו! דו ווילסט, אַז דאָס זאָל געהן אין פארגעסענ־הייט! דו? דאָס איז ווייניג. אָבער איך, איך האָב אויך אין דעם אַ טייל... מיינע געפיהלען, איבער־לעבונגען, ווילען איז אויך עפּעס ווערט!... אָט... איך קלויב זיך נישט צו קאַפּיטולירען... דאָס זאָג איך דיר צו...

פּיאַטאַקאָוו (קוקט אויף איהר פינסטער).

לודמילא: אָט די סענטימענטאַלע נאַרישע פּאָלקע, האָס איך!... איך וועל אָנפאַנגען מיט איהר אַ קאַמף... מיט דיר...

פּיאַטאַקאָוו (שלאָגט איהר שנעל איבער): טהו וואָס דיר געפעלט. געוויס ווערסטו דאָך אויף קיין איין מינוט נישט מיינען, אַז איך, און אפילו זי... וועלען זיך דערשרעקען פון דיינע דראָהונגען... גענוג די סצענעס!... (רייסט פון זיך אָפּ איהר האַנד און ווענדעט זיך צו די חברים).

זאָפיא (מיט אַ מינוט פריהער איז זי ארויס פון הינטער'ן ווענטעל און באַמערקט דעם געשפּרעך צווישען לודמילען און מאַקסימען... ווערט איבערראַשט... אויף

איהר געזיכט ענדערען זיך די קאָלירען נאָך איהרע גע־דאַנקען... שרעק... וועהטאָג... זי באמערקט די שאַרפע באוועגונג פון מאַקסימען און איהר געזיכט ווערט ליכ־טיגער).

מאַקסים (באמערקט זאָפיען): חברים! איך וועל אייך פאָרשטעלען מיין פרוי... זאָפיא וואַצלאַ־וואונאַ! ווערט באַקאַנט!...

זאָפיא (געהט כסדר און דערלאַנגט די האַנד — אַלע שטעלען זיך פאַר. ניקאָלאַיעוו און גאָלדבלום צייגען ארויס ענטציקונג פון דעם איינדרוק וואָס זאָפיא מאַכט אויף זיי. מאָלטשאַנסקי קוקט זיך אין איהר איין ווי אין אַ בילד... קאָלאַטשינסקי זעהר שעהמעוודיג קושט זאָפיען אין האַנד).

מאַקסים (צופרידען פון דעם איינדרוק, וואָס זאָפיע האָט אויף זיי געמאַכט — רעדט וויציג, ווייך. איבערהויפט איז נויטיג צו באַמערקען מאַקסים'ס זעהר ווייכען און צאַרטען טאָן, ווען ער ווענדעט זיך צו זאָ־פיען — אַלס שטאַרקער קאָנטראַסט צו זיין אַרט רעדען צו פרעמדע אָדער אין פאָליטישע פראַגען): מיין פרוי איז אויך אַ טעטיגער חבר, אַ קעמפערין — אָבער זי איז געשטראָפט מיט'ן פוילישען נאַציאָנאַליזם... פראַ־מעטעאיזם... מיצקעוויטשעס אידעאַלען... דער פוילי־שער ראָמאַנטיזם ענגבערט דעם קליינעם קאָפּ... אפילו מיין האַרטע „פויסט" קען זי נישט ארויספיהרען פון די הויכע ספערען אויף אונזערע אָרימע קרעכצען און צעווילדעווועטען יאָמער...

זאָפיא (פאַררויטעלט — פארענטפערט זיך פאַר די חברים): מאַקסים מאַכט אַלע מאָל פון מיר חוזק... עס איז נישט אַזוי ווי ער דערצעהלט... איך בין זעהר אַ רעאַלער מענש און קען גאַנץ גוט פראַקטיש אַרבייטען...

מאַקסים (שפּעט איהר נאָך): אָבער נאַר און אויסשליסליך פאַר פוילען! נישט אמת, טייערע?... פוילען! פויליש! אין פוילען! וועגען פוילען! איז דאָך עפּעס דיין תפילה! און אַזאַ פאַרביסענע פאָלקע

האָט זיך אויסגעקליבען אַזאַ גראָבהויטיגען רוס!... נו! איז עס דיר נישט קיין חרפּה, זאָפיא?

**זאָפיא** (געהט מיט פייערליכקייט צו איהם צו): איך האָב זיך אויסגעקליבען דעם שטאַרקסטען מאַן פון דער וועלט...

**מאַקסים** (לעגט צערטליך אַוועק זיין האַנד אויף זאָפיע׳ס אַקסעל).

**לודמילא** (ביים פענסטער — וואַרפט שטעכיג צו): אַן אידיליע!

**מאַקסים** (ענדערט גלייך דעם טאָן): איז אייער מיינונג, אַז נאָך היינט וועלען מיר קענען צונויפרופען אַ זיצונג פון צענטראַל קאָמיטעט? דאָס וואָלט זעהר גוט געווען!... פריהער פון אַלץ וועל איך אויפ׳ן טאָג־אָרדנונג אַוועקשטעלען די פראַגע וועגען דער נויטיגקייט פון צונויפרופען אַ פּאַרטיי־צוזאַמענפאָהר פון גאַנץ רוסלאַנד און פון פראָנט... הויפּטזעכליך פון פראָנט. צו דעם צוזאַמענפאָהר וועלען מיר טעלעגראַפיש ארויסרופען, כדי עס זאָל נישט זיין קיין אָפּלייגענישען. עס וועט נויטיג זיין צו שיקען די דעלעגאַטען טעלעגראַפיש געלד אויף דער רייזע... אין אַ משך פון צעהן טעג מוז דער צוזאַמענ־פאָהר פאָרקומען... מ׳דאַרף נישט פאַרלירען קיין איין מינוט!... עס איז נויטיג צו געבען דער פּאַרטיי אַן איינהייטליכען פּראָגראַם אויף היינט, פעסטשטעלען די לאָזונגען, צונויפגיסען אַלעס אין־איינס... אָנהויבען ענערגיש צו ארבייטען, נעהמען אַ פעסטע שטעלונג, אַ קלאָרע און אַלע אָנגעצייכענטע פראַגען, און זיכער... די אַרמיי וועט געהן מיט אונז, און די אַרמיי איז היינט אַלץ... די פויערען דאַרף מען ארויסרייסען פון אונטער דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער ווירקונג... אומבאַדינגט!... זיי לעגען אויך אָפּ דאָס לעזען פון די אַגראַר־פראַגע צו דער קאָנסטיטואַנטע... נישט אמת?

**ניקאָלאַיעוו** (שלינגט יעדען וואָרט פון מאַק־סימען): געוויס... זיי דרעהען זיך ווי די שלאַנגען, ווען די פויערען שפּאַרען זיי צו דער וואַנד ווענען

ערד... די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערען רוקען זיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר רעכטס... קערענסקי שלאָפט דאָך עפּעס נישט... צוטיילט אַמטען רעכטס און לינקס... אַ קליינע טייל קריסטאַליזירט זיך יע, ס'קען זיין, אַז זי וועט געהן מיט אונז... אָבער מיט די אַגראַר־פּראַגע ווילען זיי אויך וואַרטען, די קאָנסטיטואַנטע זאָל וועגען דעם זאָגען דאָס לעצטע וואָרט...

מאַקסים (שפּרייזט איבער'ן צימער און וואַרפט זיינע געדאַנקען): איז נאָך בעסער! נאָך בעסער! ווילען מיר געבען ערד די פּויערים אָהן דער קאָנ־סטיטואַנטע!... מען וועט דאָס אַלץ דאַרפען באַ־טראַכטען... צובונטעווען די פּויערים און סאָלדאַטען... קערענסקען און די „אָבאָראָנצעס" דאַרף מען אַרויס־רייסען דעם באָדען פון אונטער די פיס! אונזער בורזשואַזיע איז צוקראָכען, נאַריש, נישט אָרגאַניזירט. דער קאַמף וועט זיין אַ לייכטער!... אין אַ מאָנאַט צוויי ווילען מיר פאַרכאַפּען די מאַכט!...

לודמילאַ (האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט — פרעגט פּלוצלונג דרייסט): די מאַכט?... איהר שטרעבט צו דער מאַכט? איהר? געגען די אַנדערע סאָציאַליסטען וועט איהר אויפהויבען אַ בונט?... צוליב וועלכען צוועק?

ניקאָלאַיעוו (שרייט): צוליב וועלכען צוועק? איהר פרעגט עס, איהר?

לודמילאַ: יע! איך פרעג נישט ביי איך, ווייל איהר וועט מיר ענטפערען מיט פראַזען... וועגען דער אַליינהערשאַפט פון פאָלק א. ד. גל. דאָס וואָס מען רעדט אָהן קיין שום פאַראַנטוואָרטליכקייט... איך פרעג ביי מאַקסימען, וועלכער הויבט אָן אַ קאַמף פאַר מאַכט היינט, אין דעם מאָמענט — מיט דער פולער רוהיגקייט באַטראַכט ער און מאָביליזירט אַלע קרעפטען צו באַקומען די מאַכט... היינט... ער וויל זיך שטעלען אין דער שפּיץ פון דער מאַכט! דאָ רעדט זיך שוין נישט וועגען אַן אַגיטאַציאָנס־פראַזע, נאָר וועגען מעשים! פרעג איך אייך, מאַקסים, צו־ליב וועלכען צוועק ווילט איהר נעהמען די מאַכט אין

אייערע הענד? ענטפערט מיר קלאָר, קורץ, ווי אייער געוואוינהייט איז!...

(אַלע שטאַרק פאַראינטערעסירט שטעלן זיך אויף. אַ מינוט שטיל).

מ א ק ס י ם (שטעלט זיך אויף און קוקט שאַרף אויף לודמילען. רעדט פּאַמעליך, אונטערשטרייכענדיג יעדען וואָרט): מיר מוזען באקומען די מאַכט!... איך מוז... כדי צו פארניכטען איינגאַנצען די בורזשואַזיע! פאַרשטעהט איהר? די מאַכט מוזען מיר באַקומען... איך מוז, כדי פאַנאַנדערטרייסלען ביז'ן לעצטען שטיין די אַלטע אָרדנונג, וואָס שטיצט זיך אויף עקספּלואַטאַציע... מיר וועלען פארניכטען קנעכטשאַפט... עקספּלואַטאַציע... איך וועל ארויסרייסען דאָס פאָלק פון די קייטען... איך וועל פאַרניכטען דעם קאַפּיטאַליזם מיט'ן וואָרצעל... וועל ארויסרייסען דאָס קנעכטשאַפט פון דער נשמה פון רוסישען פויער... וועל איהר פאַנאַנדערבונטעווען ביז די טיפעני‌שען... וועל אויסברענען געהאָרכזאמקייט, שטראַף, מורא און אַלע באַגריפען וואָס מען האָט מיט געוואַלד ארייננגעהאַקט... איך וועל פארניכטען... צו־נישט מאַכען... אויסרייסען אַלעם אויף וואָס די אַלטע וועלט האַלט אָן איהר מאַכט... און אויפבויען אַ פונדאַמענט פאַר אַ סאָציאַליסטישע רוסלאַנד... איז פאַר אייך דער ענטפער גענוג?

ל ו ד מ י ל א (הערט זיך צו אָנגעשטרענגט, פּרעגט פינסטער): ווילט איהר די מענשליכע סטיכיע אויפבונטעווען ביז'ן לעצטען גרענעץ?!

מ א ק ס י ם: יע! איך וויל און וועל עס טאָן! וואָס און ווער עס זאָל נאָך אונז קומען... וועט שוין נישט זיין בכוח צו פארשקלאַפען דאָס רוסישע פאָלק! איך וועל פאַנאַנדערבלאָזען אַלע שלאָפענדע כחות אין זיין נשמה! ער וועט קלוג ווערען און ליב האָבען זיין שטאַרקייט!

ל ו ד מ י ל א: משוגעת!... משוגעת!... מאַקסים, איך בין אזוי צורודערט, אינגאַנצען צורודערט פון אייערע ווילדע געדאַנקען!... איהר, אַ סאָציאַליסט,

איהר, דער פּאַרטיי־פיהרער, וועלכער שטיצט זיך אויף דער לעהרע פון וויסענשאַפטליכען מאַטעריאַליזם, אויף דער היסטאָרישער ענטוויקלונג — זייט אריינגעפאַלען אין אַזאַ אונזין, אין אַן עקסטאַז!... איך ווייס נישט, איך ווייס נישט — ווי אַזוי מיט אייך צו רעדען, וואָסערע אַרגומענטען געגענצושטעלען!...

מ אַ ק ס י ם (מאַכט גלייכגילטיג מיט דער האַנד): בעסער רעדט גאָרנישט!... דאָס וועט זיין אַם בעסטען!... אַ שאָד די צייט!... אויפ'ן צוזאַמענפאָהר וועט איהר קענען מעלדען וועגען אייער ארויסטריט פון דער פּאַרטיי!...

ל ו ד מ י ל אַ (אויפגעקאָכט): ניין! איך מוז מיט אייך רעדען! טאַקע היינט אין דער סביבה פון פּראַקטישע מענשען, וועלכע נעהמען נישט קיין זאַך אָהן קריטיק! איך מוז זאָגען, אַז ביז דעם צונויפרופען דעם פּאַרטיי צוזאַמענפאָהר זאָלט איהר נישט אָנפאַנגען מיט דער פּראָפּאַגאַנדע, מיט די משוגענע לאָזונגען...

מ אַ ק ס י ם (קאַלט): אויב די פראַגע פאַרשאַפט אייך פאַרגעניגען, טאָ רעדט... געוויס, וועט איהר קיין נייעס נישט ארויסזאָגען, אָבער כדי צו באַרוהיגען אייערע אַמביציעס... קען איך אייך אויסהערען... ביטע...

ל ו ד מ י ל אַ (באַמיהט זיך מיט אַלע מעגליכקייטען צו באַהערשען — רעדט רוהיג, מיט ווירדע): מאַקסים! איהר זייט שוין לאַנג אַוועק פון דער רעאַלער רוסלאַנד... איהר האָט זיך אין אויסלאַנד באַשאַפען אַזעלכע אידעאַלען, פאַנטאַסטישע פלענער, פּאָליטישע קאָנצעפּציעס... און דאָ איז די ארבייט אַזאַ שווערע... איהר ווילט אויפטרייסלען דאָס אַלטע רוסלאַנד... אויפבוינטעווען די פינסטערע מאַסען געגען אַלעמען אין אַלעס... איהר רעדט וועגען פאַרניכטען די בורזשואַזיע — אָבער מיר צום אַלעם ערשטען נויטיגען זיך אין אינטעליגענטע כחות, און די ארבייטער ספערען, ביים פאָלק זיינען בלויז אַנאַלפאַבעטען... פינסטערניש... אַבערגלויבען... פוילקייט, אומריינקייט,

כיטרעקייט און גנבות... מיר מוזען מיטארבייטען מיט דער ליבעראלער בורזשואזיע... צוזאמען מיט זיי אויפבויען קולטורעלע פארמען פון פארלאמענטאריזם, געבען דאס פאלק בילדונג — ענטוויקלען די פעהיג־קייט צו ארגאניזאציע — מיר מוזען אפילו אויפ־האלטען די אינדוסטריע, האנדעל... מיר מוזען ביי פאסיגע באדינגונגען פארענדיגען די מלחמה...

מאקסים (זיצט און רויכערט א פאפיראס. אין אנפאנג הערט ער זיך צו אויפמערקזאם. שפעטער דרעהט ער זיך א ביסעל אויס און פאנגט אפילו אן אין דער שטיל צו רעדען צו ניקאדעמ׳ען).

לודמילא (רייסט אונצופרידען איבער און רעדט מיט באדויערונג): די אלע ארגומענטען צייגען אייך נישט איבער... איהר ווילט אומבאדינגט ארויפיאגען אויף רוסלאנד א נייעם שטורם?

מאקסים (ווארפט איהר צו אונגעדולדיג): געהט צו די פלעכאנאווצעס, און איהר וועט דארטען גע־פינען באפרידיגונג פאר אייערע אספיראציעס צו מיט־ארבייטען מיט דער בורזשואזיע... צוליב וואס זאלט איהר זיך אומזיסט דענערווירען...

לודמילא (כמעט מיט פארצווייפלונג): אלזא, טרעט איהר נישט אפ פון אייערע פאנטאזיעס?

מאקסים (אונגעדולדיג קלאפט לייכט מיט דער האנד אין טיש): גענוג!... געהט זיך אייער וועג!...

לודמילא (דראהענד): רעכענט זיך אויך מיט דעם, אז מיר אלע, מיר סאציאליסטען וועלען ביז דעם לעצטען טראפען בלוט פארטיידיגען די פרייהייט... אונזער ארימע רוסישע קולטור... אז מיר וועלען קעמפען אויף לעבען און טויט מיט אייערע פא־ברעכערישע עקספערימענטען!...

מאקסים (הויבט זיך לאנגזאם אויף, שפארט זיך פעסט אן אין טיש, קוקט לודמילען אין די אויגען, רעדט פעסט): קיין זאך און קיינער איז נישט בכח צו ענדערען מיין באשלוס, צו אנפאנגען א קאמף אפילו מיט אייך... פסעוודא־סאציאליסטען!... דערצעהלט אייערע אנהעננער, דערצעהלט אייער באפריינדעטע

בורזשואזיע, דערצעהלט גאנץ רוסלאנד, אז איך פיהל אין זיך א ריזיגען כח! דעם כח פון דער גאנצער נייער וועלט, וואס באפרייט זיך דורך געוואלד, כח און פויסט... מיין ברוסט פלאצט פון א מעכטיגען פארלאנג צו מאכען די גרעסטע איבערקערעניש, אויפ־טאן גרויסעס פאר דעם עקספלואטירטען פאלק אפילו נעגען זיין, דערוייל נאך נישט באוואוסטזיניגען, ווילען... איך פיהל אין זיך די קראפט צו באפעהלען ער זאל ווערען מעכטיג, גליקליך, הערשער!!! איך נעהם אויף זיך די פאראנטווארטליכקייט פאר אלץ, וואס אין רוסלאנד וועט פאסירען!... איך וועל דער אלטער פארפוילטער וועלט באווייזען די קראפט פון פאלק... ציינען אויף וואסערע שוואכע פונדאמענטען זי האלט אן איהר לעבען, איהר עקזיסטענץ... איך וועל ערקלעהרען די דיקטאטור פון פראלעטאריאט, פון ארבייטער־פאלק און סאלדאטען...

לודמילא: אייער דיקטאטור!

מאקסים: יע! מיין!... דער בורזשואזיע וועל איך אויף קיין איין טריט דעם צוים נישט נאכ־לאזען... מיט דער פויסט וועל איך איהר אנכאפען ביים האלז נאהנט פון פיסק... פארקערט, זאלען זיי ארבייטען פאר דער אייגענער קולטור, זאלען זיי אר־גאניזירען קאאפעראטיווען, מיטארבייטען... ארבייטען פאר'ן פאטערלאנד וועגען וועלכער זיי רעדען אזוי פיל. פאר ארבייט וועט יעדער קריגען באצאהלט... אבער צו דער מאכט וועל איך זיי נישט צולאזען... פארשטעהט איהר? איך האב געענדיגט!...

ניקאדעם (פייערליך): אויסגעצייכענט!

לודמילא: ערלויבט, נאך א ווארט... מיט וועלכע מיטלען רעכענט איהר צו קעמפען?

מאקסים: מיט אלע מיטלען...

לודמילא: אויך מיט באוואפענטע כחות?

מאקסים: געווים... פריהער פאר אלץ מיט כח... ס'איז נישט קיין צייט אויף רעדען...

לודמילא (בלאס ווערענדיג): און איהר וועט זיך נישט צוריקציהען פון פארגיסען בלוט פון רעווא־

לוציאָנערען רוסלאַנד? דער שונא איז אויפ׳ן שוועל פון רוסלאַנד.

מאַקסים: איך וועל זיך פאַר קיין זאַך אין לאַנד זעלבסט נישט צוריקציהען, און די מלחמה וועל איך גלייך פאַרענדיגען נאָכ׳ן באַקומען די מאַכט.

לודמילא: ווי אַזוי וועט איהר פאַרענדיגען? מיט אַ שענדליכען שלום?...

מאַקסים: ווי ס׳וועט זיין מעגליך... אַ שלום איז קיינמאָל נישט שעדליך, איבערהויפּט פאַר דעם, וואָס נוצט אויס די סיטואַציע... אַ מלחמה איז שענד־ליך... דאָס בין איך מסכים.

לודמילא: נישט וועגען דעם רעדען מיר... אַלזאָ, כדי צו באַקומען די מאַכט וועט איהר אָנהוי־בען אַ ברודער־קאַמף?!...

מאַקסים: אַ קאַמף מיט דער בורזשואַזיע איז נישט קיין ברודער־קאַמף...

לודמילא (רייבט מיט דער האַנד דעם שטערען): אַ שרעקליכער מענש!...

(אַ לאַנגע פּויזע. דאָס קלינגען פון די גלאָקען הערט זיך כסדר, צייטענווייז גאָר שטאַרק).

לודמילא (נאָך אַ פּויזע — ווי זי וואָלט זיך באַהערשט — רעדט רוהיג, אפילו מיט אַ וואונדערליך טרוקענע שטימע. ווענדעט זיך צו אַלע): צוליב דער פּרינציפּיעלער און דעצידירענדער שטעלונג פון מאַק־סימען צו דער איצטיגער רעוואָלוציאָנערער רוסלאַנד, פאַרלאָז איך די רייהען... אייער פּאַרטיי... (איהר שטימע ציטערט.) מיר גנעהען זיך פאַנאַנדער, חברים. וואָס קען מען טאָן? — אפשר וועט די מערהייט נישט גנעהן נאָך איהם... אפשר וועט דער געזונטער אינסטינקט איבערוועגען... איך וויל זיך נישט מיט אייך געזעגענען, חברים... איך וועל אייך נאָר זאָ־גען — צום ווידערזעהן... (זי גיט כסדר די האַנד. די חברים געזעגענען זיך, יעדער לויט זיין שטאַנדפּונקט: ניקאָלאַיעוו — שאַרף, גאָלדבלום — רוהיג, ניקאָדעם — צומישט, קוקט אויף מאַקסימען.)

מאַלטשאַנסקי (שעפּטשעט געריהרט): חבר־

טע! ווארום איילט איהר זיך אזוי... ווייסט? ... איהר פארלאזט אונז? ... עס גלויבט זיך נישט...

לודמילא (ענטפערט איהם נישט, געהט צו האס־טיג צו מאקסימען — איהר פנים איז פול מיט קאמף — קוקט אויף ביידע ארויסרופענד. אלע שווייגען): אייך, מאקסים, זאג איך צו א קאמף אין נאמען פון דער צוקונפט... אין נאמען פון גליק... פון דער אומגליק־ליכער רוסלאנד... אין נאמען פון ליידענדען פאלק, וועמען איהר ווילט אריינשטויסען אין אפגרונד פון בירגער־קריג!... און איך וועל זיך פאר קיין זאך נישט אפשטעלען אייך אפצושוואכען... מאכען אונ־שעדליך! דאס זאג איך אייך אפען אין די אויגען!... מיר וועלען נישט אפגעבען רוסלאנד אויפ׳ן אפעטיט פון אייער טייוועלשען שטאלץ! איך געה!... (געהט ארויס.)

זאפיא (טוליעט זיך שטארק צו מאקסימען. מיט שרעק): מאקסים! זי וועט האלטען ווארט! איהר דראהונג קען אונז דערגרייכען!... (דאס קלינגען פון די קלויסטער־גלאקען הערט זיך שטארקער. נערוועז.) צי ביי אייך אין רוסלאנד קלינגען שטענדיג אזוי די גלאקען? זיי זיינען דאך אזוי שרעקליך אומעדיג...

(קיינער ענטפערט איהר נישט).

מאקסים (גלעט איהר צערטליך די האר): באַ־רוהיג זיך, טייערע. געגען שווערינקייטען באזיץ איך א גענוג שטארקען ווילען און נערוועז און צילבאַ־וואוסטזיין! און געגען פיינד, מענשליכע נארישקיי־טען, קליינליכעס, אייפערזוכט, נידערטרעכטיגקייטען פון דער אלטער וועלט וועט גענוג זיין אט דער פויסט!!

פארהאנג פאלט.

---

## צווייטער אקט

### 1טע סצענע.

(א צימער ביים זיצונגס־זאל פון „סאוועט". לינקס צווייטע טיר פיהרט אין זיצונגס־זאל, רעכטס די ארויג־

גאַנגס־טיר. אויפ׳ן ערשטען קוק זעהט מען אַן אויוועלע, אַ קליינע קאַנאַפּקע און אַ טישעל. לינקס — אַ טיר אין די וויטערדיגע צימערען.

(אַ סך מענשען — פּרויען, מענער, סאָלדאַטען געהען אין דעם זיצונגס־זאַל. ביי די טיר פון זיצונגס־זאַל זיצען א גרופּע מענשען מיט די פּנים׳ער צום זיצונגס־זאַל. די מענער רויכערען פּאַפּיראָסען. פון זאַל הערט זיך צייטענווייז געשרייען: ריכטיג, ריכטיג, אמת! אַמאָל הערט זיך די שטימע פון רעדנער, אַמאָל דאָס קלינגען פון פּאָרזיצער. פון זאַל געהען ארויס גאָלדבלום, מאָלטשאַנסקי. גאָלדבלום איז מיד, ווישט זיך דעם שווייס פון שטערען — קענטיג דענערווירט).

גאָלדבלום: די רעזאָלוציע וועט נישט דורכגעהן, נישטאָ אפילו די קלענסטע האָפנונג... די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך אויסגעצייכענט אָרגאַניזירט. בעסער זאָל מען היינט צורוה לאָזען... איך וועל אָפּרעדען מאַקסימען...

מאָלטשאַנסקי: די רעזאָלוציע איז זעהר אַ שאַרפע... דאָס איז שוין נישט גלאַט קיין אָפּאָזיציע... דאָס איז אַ קאַטעגאָרישער צוזאָג אויף אַן אונ־ברחמנות׳דינען קאַמף... מאַקסים וועט באַלד קומען? אפשר וועט ער איינשטימען צו געוויסע ענדערונגען?

גאָלדבלום (מאַכט מיט דער האַנד): די רעזאָלוציע איז ענדגילטיג רעדאַגירט... באַשטעטיגט...

מאָלטשאַנסקי (מעלאַנכאָליש): אויב אַזוי, וועט זי היינט דורכפאַלען... קערענסקי האָט אַן אַבסאָלוטע מערהייט. לודמילאַ אַגיטירט פאַרביסען.

## 2 טע סצענע.

(אין דער ארייננאַנגס־טיר באַווייזט זיך מאַקסים מיט זאָפיען און ניקאָלאַיעוו. זיי געהען גלייך אין זיצונגס־זאַל. גאָלדבלום באַמערקט זיי).

גאָלדבלום: מאַקסים! מאַקסים!

מאַקסים (באַגריסט זיך מיט זיי): עס האָט זיך שוין לאַנג אָנגעהויבען?

גאָלדבלום: ס׳ווערט אָפּגעגעבען א באַריכט

פון דער רעגירונג. קערענסקי רעדט שוין די צווייטע שטונדע...

מאקסים: א סך מענשען? ווי איז די שטי־מונג?

גאָלדבלום: פאַר אונז נישט קיין גינסטיגע...

מאקסים: קומט! (שאַרף.) פארוואָס זייט איהר נישט אין זאַל? מ'האָט באַדאַרפט פאַרצייכענען קערענסקי'ס רעדע. האָט איהר מיר פאַר־שריבען צום וואָרט?...

גאָלדבלום: ס'איז דאָ א סטענאָגראַפיסט־קע... הערט, מאַקסים, עס איז דאָ זעהר ווייניג שאַנ־סען, אפשר זאָל מען מיט דער רעזאָלוציע היינט נישט ארויסטרעטען?...

מאקסים: די זאַך איז באַשטימט... א צוטרוי רעזאָלוציע פאַר דער רעגירונג טאָר נישט דורכגעהן... צי זיינען אונזערע ווייניג דאָ?

גאָלדבלום: די מאַטראָסען זיינען נישטאָ... קערענסקי'ס מערהייט.

מאקסים: מיר וועלען זעהן... (געהט אין זאַל.)

זאָפיא (קווינקעלט זיך אַביסעל. ענדליך ווענ־דעט זי זיך צו גאָלדבלומען און פרעגט נישט דרייסט): אַלזאָ, האָבען מיר נישט אויף אונזער זייט די ברייטע פאָלקס־מאַסען? מאַקסים נעהמט אונטער דעם קאַמף נישט אין נאָמען פון געקריוודעטען פאָלק, נאָר אלס א קאָנקורענט פון קערענסקי'ן?...

גאָלדבלום (אויסמיידענדיג): דער פּאַרטיי־קאַמף איז שטענדיג אַזאַ... איך געה... (געהט אַפּ.)

זאָפיא (פאַרהאַלט מאַלטשאַנסקען מיט א בעטענ־דיגן זשעסט): איך וויים אזוי ווייניג די רוסישע פאַרהעלטנישען... מאקסים איז שרעקליך פאַרנומען... רעדט מיט מיר אָפּענהערציג, ווי האַלט עס פאַקטיש מיט דער אנגעלעגענהייט. איך וויל וויסען דעם נאַנצען אמת. (ציהט איהם לייכט צו דער קאַנאַפּע.)

מאַלטשאַנסקי (ווייך): מאקסים נעהמט זיך פאַר אזעלכע דרייסטע ריזיגע פּלענער... אז וואונדערט זיך נישט אויף קיין געגנער, אפילו די

חברים פון אַלע שאַטירונגען טרעטען אַרויס געגען איהם. פילע פון זיי זיינען אפילו נישט בכח צו באַגרייפען די גרויסקייט פון דער איבערקערעניש, וואָס מאַקסים געהט דורכפיהרען... אַ ריזיקאַלישער עקספּערימענט!

זאָפיא: און איהר, חבר, אָפענהערציג זאָגט מיר, צי זיינט איהר איבערצייגט, אַז מאַקסים'ס פּלענער זיינען נויטיג און דורכפיהרבאַר?

מאַלטשאַנסקי (שווייגט פאַרזאָרגט).

זאָפיא (שנעל): רעדט אַלעס... אומבאַדינגט...

מאַלטשאַנסקי (שטיל): מיר שוידערט פון פאַרגיסען ברידערליך בלוט...

זאָפיא: איז דאָס אונפאַרמיידליך?

מאַלטשאַנסקי (זעצט פאָר): מ'קען נישט פאָראויסזעהן די גרויס פון דער שרפה פון אַ בירגער־קריג. נישט די צאָהל קרבנות, נישט די פאַרמען אין וועלכע עס גיסט זיך אויס די פאָלקס־באַוועגונג... אונזער פאָלק איז דאָך אַזוי וועניג קולטורעל; עס קען ווערען אויסגענוצט צו זעהר שלעכטעס... מאַרדען א. ז. וו. (לאָזט שווער אַראָפּ די קאָפּ). די געשיכטע לערענט אונז, ווי דאָס פאָלק נעהמט ש־עקליך נקמה פאַר די הונדערט־יעהריגע עוולות... עס ווערט שרעקליך אויף דער נשמה...

זאָפיא (ווערט בלאַס, פרעגט שטיל): איז... נישטאָ קיין מעגליכקייט צו פאַרלייכטערען די קאַמפּס־פאָרמען? איז די מערהייט מיט דער קראַפט פון איהר אויטאָריטעט נישט פעהיג דורכצופיהרען איהרע אידעען?...

מאַלטשאַנסקי (טרויעריג): מיר לעבען אונטער'ן צייכען פון בלוטיגע קאַמפּפען. איבער אַלעס רעצידירט די קראַפט פון פויסט... די מענשהייט אנערקענט נאָר איין אויטאָריטעט — כח!... מאַקסים קען אַלזייטיג די נשמה פון דער היינטיגער וועלט... איך רעד מיט זיין שפּראַך...

זאָפיא: און דאָך זאָגט איהר זעלבסט, אַז

די מערהייט פון די סאָציאַליסטען זיינע, געגען מאַק־סימען?

מאַלטשאַנסקי: דאָס זיינען טעאָרעטיקער, וואָס זיינען איבער'ן קאָפּ איינגעטונקט אין דאָק־טרינעס, בעסער געזאָגט — שאַבלאָנען. זיי קענען באוויזען... מאַקסים וויל די טעאָריעס פאַרווירק־ליכען, וויל מעשים...

זאָפיא: און זיי פארשטעהען דאָס נישט?

מאַלטשאַנסקי: פּארטיי קאָנקורענץ... פארביסענקייט, און אפשר אויך מאַנגעל אין איבער־ציינונג, אין דער מעכטיגקייט פון דער אידעע... פעהלט מוט אויף פאַראַנטוואָרטליכקייט... אַ רוסי־שער מענש האָט אַזוי פיל צווייפלען אין דער נשמה... אַזוי פיל רעפלעקסיעס... איך זעלבסט (זיפצט אָפּ.) האָב לאַנג, לאַנג געמוטשעט זיך פון די צווייפלונ־גען, צי קען מען דעם סאָציאַליזם מיט געוואַלד איינפיהרען... צי קען מען ענדערען די אָרדנונג מיט דעקרעטען... דער ווילען פון פיל צעהנדליגע טויזענדער מענשען געגען דעם ווילען פון איין מענש...

זאָפיא: און איצט גלויבט איהר אין דעם?

מאַלטשאַנסקי: איך וויים נישט... איך האָב נישט דעם פייער פון גלויבען אין דער נשמה! אַזוי איז עס!.. אָבער איך זעה, אז מיר... מאַקסים און איהר, וועלכע פאַרלאַנגען פאַקטיש, באמת דעם סאָציאַליזם — קענען מיר נישט דערלאָזען די בור־זשואזיע צו דער מאַכט, צו באַפעסטיגען זייער מאַכט, ווי זיי האָבען עס געטאָן אין מערב־איירָאָפּע און אויף דער גאַנצער וועלט... אין דעם בין איך איבער־ציינגט מיט'ן גאַנצען וועזען פון דער נשמה! און אויך — איך גלויב אין מאַקסימען... ער איז אַ גרויסער מענש!...

זאָפיא (פייערליך): נישט אמת?!

## 3 טע סצענע.

(פון דער טיר פון זיצונגס־זאַל, רעדענדיג הויך, קומט אריין לודמילא שטאַרק אויפגערעגט, מיט עטליכע חברים. זי באמערקט נישט זאָפיען. רעדט פעסט.)

לודמילא: דאָס איז אַ פאַקט נישט צום אַפּלייקענען!... די באַווייזען זיינען קלאָרע. היינט, זיכער היינט, וועל איך אויפהויבען די פראַגע. איך וועל זיי צושמעטערען, זיי אינגאַנצען דיסקרעדי־טירען...

וואָלקאָוו (אַ רויטער מיט אַ שאַרפען מענ־ליכען בליק): פאַקטיש האָט מען באַדאַרפט די דאָקומענטען אָפּגעבען דער מיליטערישער אויספאָר־שונגס־מאַכט און זייער גאַנצען קאָמיטעט אַרעס־טירען...

לודמילא: אַ פאַראָרדנונג צו אַרעסטירען זיי ביידע איז געוואָרען אַרויסגעגעבען, אָבער מאַסען אַרעסטען דאַרף מען אויסמיידען, כדי זיי נישט צו מאַכען פאַר מאַרטירער... אַ, ניין, חבר, דאָ היינט אין „סאָוועט“ וועל איך זיי עפענטליך וואַרפען דעם פאַרראַט אין פּנים אַריין... די פּראָוואָקאַציע... דאָס דינען די פיינד... (באַמערקט זאָפיען, פאַרהאַקט זיך. פלוצלונג, ווי אַ ווילדע רציחה וואָלט איהר אַרומגע־כאַפּט, ווענדעט זי זיך צו איהר.)

לודמילא: פּרייסישע דינער!... שפּיאָן!...

זאָפיא (בלייבט ווי אַ צוגעשמידטע, קען אַ וואָרט נישט אַרויסרעדען).

מאַלטשאַנסקי (שפּרינגט אויף, רויט): שווייגט! ווי ערלויבט איהר זיך צו וואַרפען נישט קיין באַגרינדעטע באַליידיגונגען?... דאָס איז ני־דערטרעכטיג!!!

לודמילא (כמעט מיט געשריי): באַליידי־גונג!... מיר האָבען דאָקומענטען ווער עס איז מאַק־סים, גאָלדבלום, און אויך די . . . איז געווען פּיל־סודסקי׳ס אָן אַגיטאַטאָרקע!... דאָס איז נידער־טרעכטיג!... בלויז אין רוסלאַנד, אין דער נאַרישער פריינדליכער רוסלאַנד קען אַזעלכעס פּאַסירען... פון אומעדום, גאַנץ עפענטליך, ווי די רויב־פויגלען זיי־נען זיי אָנגעפלויגען, אַלע פיינד אויף צו צורייסען אונזער אומגליקליך לאַנד... פאַרבלענדען אונזער פינסטער פאָלק... אויסנוצען אונזער גוטהערציגקייט,

אונזער נאאיוויטעט, אונזער פאנאטישע דעמאָקראַ־
טישע טאָלעראנץ!... און היינט — ווען די מלחמה
קומט פאָר — ווען דער פיינד פארפלייצט אונזער
ערד — האָסטו זיך געסמייעט אָפּען דאָ צו באזוע־
צען?... רעכען נישט, דאמע, אויף אונזער גרויס־
מוטיגקייט!... גענוג מיט דעם!... אנטלויף, כל זמן
דו האָסט צייט, ווייל עס וועט דיר טרעפען אַ גוט
פארדינטע שטראָף... (ווענדעט זיך צו די חברים.)
די פּערזאָן דארף מען גלייך ארעסטירען...

וואָלקאָוו: געווים!... עס וואָלט נאריש
געווען מען זאָל אזא פויגעל ארויסלאָזען.

מאָלטשאַנסקי: חברים! באדאכט זיך!
חברים!... דער האָט פארבלענדעט אייך... ער נעהמט
ביי אייך צו דעם פארשטאנד! עס איז אַ חרפה!

וואָלקאָוו (מיט רציחה): אַ חרפה! אַ חרפה
איז, וואָס איהר זיינט אונטער דער ווירקונג פון פּריוו־
סיישע אַגענטען... (צו לודמילען.) אויף אונזער פאר־
אנטוואָרטליכקייט הייסט שוין דער דאמע ארעס־
טירען!

מאָלטשאַנסקי: איהר האָט קיין רעכט!
אויף וועלכען גרונד?

זאָפּיאַ: חבר! גיט צו וויסען מאקסים׳ען!...

וואָלקאָוו: מאַקסים וועט אויך ארעסטירט
ווערען. עס איז שוין דאָ אַ באפעהל!

זאָפּיאַ (שרייט): פאר וואָס?! מענשען,
זייט איהר משוגע געוואָרען?...

לודמילא (האָט געבראכט צופיהרען סאָלדאטען
און באפעהלט): אָפּפיהרען די פּערזאָן צו דער אויס־
פאָרשונגס־ביוראָ. איבערגעבען אין די הענד פון
קאָמיסאַר לעוויצקי אין קריגס־מיניסטעריום!

מאָלטשאַנסקי: דאָס איז אַ סקאנדאל!
אַן אונרעכט!

(די סאָלדאטען שטופען ברוטאַל אָפּ מאָלטשאַנסקען
און ווילען ארויספיהרען זאָפּיען. עס ווערט אַ טומעל,
אַ סומאַטאָכע. עס קומען זיך צוזאמען אַ גרופּע מענ־

שען. די וואָס געהען ארויס פון זיצונגס־זאַל פרעגען: „וואָס איז? וואָס איז געשעהן?"‏).

(מאַלטשאַנסקי שטופּט זיך, לויפט אין זיצונגס־זאַל).

(פון זאַל הערען זיך טומעלדיגע אַפּלאָדיסמענטען און אויסגעשרייען: „זאָל לעבען דער פּרעמיער!" „נידער מיט דער אַנאַרכיע!" „נידער מיט פּרייסישע פּראָוואָקאַציע!" אַ טומעל נישט צום באשרייבען.)

(עס הערט זיך די שטימע פון מאַקסימען. עס פאַרהילכט אַ פייפעריי, אַ געשריי: „גענוג! נידער קיין בערלין!"‏).

זאָפּיא (צו איינעם פון די חברים): אום גאָ־טעס ווילען, חבר, אינטערפּעלירט אין מיין פראַגע!...

לודמילא (צו די סאָלדאטען): שנעלער! שנעלער! פיהרט איהר ארויס! (צו זאָפיען.) איהר האָט אַ גליק וואָס דאָס טרעפט אייך אין רוסלאַנד! ערגעץ אַנדערש וואָלט מען אייך אויף שטיקער צו־ריסען...

## 4טע סצענע.

(פון זיצונגס־זאַל לויפט אריין מאַקסים, נאָך איהם ניקאָלאַיעוו און נאָך אַנדערע.)

מאַקסים: וואָס איז דאָס? ווער האָט עס געהייסען ארעסטירען? (צו די סאָלדאטען.) שטעהט! לאָזט איהר אָפּ!

לודמילא: זי איז אַרעסטירט אונטער דער באשולדיגונג פון שפּיאָנאַזש!... איך האָב דאָקו־מענטען.

מאַקסים (אין רציחה, כאַפּט איהר אָן ביי דער האַנד): וואָס פאַר אַ דאָקומענטען? זאָג — אויב נישט, וועסטו אונטערגעהן ווי אַ מיאוס'ע ליגנערין...

לודמילא (רייסט זיך ארויס): ביטע — אָט שוין פון דער סאָוועט־טריבונע וועל איך עפענטליך באווייזען דאָקומענטען, אַז איהר אַלע זיינט באַ־צאָהלט פון די דייטשען...

(די סאָלדאטען שטופּען ארויס זאָפיען.)

מאקסים (צו ניקאָלאַיעוו'ען) : גערט מיט זיי! (ווייזט אויף זאָפּיען.) קלערט־אויף די גאַנצע נידעריגע אינטריגע. זאָל איהר קיין שלעכטס גע־שעהן! פּארטיידיגט איהר!

ניקאָלאַיעוו (ארויסגעהענדיג) : פּלעוואַט אויף דעם גאַנצען שמוץ! (געהט ארויס.)

מאַקסים (צו לודמילען דראָהענד) : זאָג, אויף וואָס בויסטו דיין נידעריגע באשולדיגונג?

לודמילא (קלאַפּט לייכט מיט דער האַנד אין האַנד־בייטעל) : איך האָב אַלע קאָפּיעס פון אייערע קוויטירונגען אויף ערהאלטענע געלד פון בערלין און לייפּציג... אייגענטליך וויל איך גאָר מיט אייך וויי־טער נישט רעדען... איך וועל די פראַגע עפענטליך אויפקלערען. א מינוט געדולד... קומט, וועט איהר הערען איינצעלהייטען... (זאָגט שטעכיג און געהט אָפּ אין זאַל.)

(אַלע אנוועזענדע ווייסען נישט אויף דעם ווי צו אורטיילען. די ווירקונג איז אַ דערדריקענדע.)

גאָלדבלום (האַסטיג) : אך! הייסט עס אַזעלכע דאָקומענטען!... אַזאַ פּאָדלע, אויסגעלאַסע־נע באָבע! וואָס רעכענט איהר צו טאָן, מאַקסים?...

מאַקסים (אויסערליך קאַלט, רוהיג. רעדט מיט אַ זיכערע שטימע) : איך געה צוריק אין זאַל. איך וועל זיי צווינגען מיר צו הערען... דאָס איז אַ נאַ־רישקייט... איך וועל דעמאַסקירען די אינטריגע... ערגער איז וואָס פון קראַנשטאַט איז נישטאָ קיין דעלעגאַציע... אַ שאָד איין מינוט צו פארלירען... אין די טעג דאַרף מען דעם אויסברוך פארווירק־ליכען! דער פּעטראָגראַדער גאַרניזאָן איז מיט אונז! דאָס איז זיכער! איהר מוזט גלייך פאָהרען קיין קראָנשטאַט!

מאָלטשאַנסקי (געהט צו נאָהנט צו מאַקסימ'ען און זאָגט איהם שטיל) : מיט אייך וועט דאָכזעלבע געשעהן ווי מיט זאָפּיען... לודמילא האָט געזאָגט, אז עס איז דאָ אַ באַפעהל אייך צו ארעסטירען... וואָלט נישט בעסער געוועזן איהר זאָלט זיך באַהאַל־

טען? היינט זאָלט איהר בעסער נישט רעדען, אָדער אמוועניגסטען לעגט נישט פאַר די רעזאָלוציע מיט דער דראָהונג פון א באוואפענטען אויפשטאנד.

מ א ק ס י ם (שאַרף): אָדער מ׳טוט עפּעס, אָדער מען זיצט שטיל!... מיר האָבען אָנגעפאנגען א ריזיגע שפּיל! צוריק זיך ציהען איז נישט די צייט! (צו גאָלדבלומען.) וואַרט אין קראַנשטאַט אויף מיר, אָדער אויף מיינע באפעהלען... היינט — איצט אויף דער זיצונג וועל איך זיך גענוי אָריענטירען, ווען מען דאַרף ארויסטרעטען! צום ווידערזעהן! (געהט אָפּ שנעל אין זיצונגס־זאַל.)

מ אָ ל ט ש א נ ס ק י (צו גאָלדבלומען, וואָס קלייבט זיך אוועקגעהן): הערט, וואָס איז עס פאַר א קוואַ־טירונגען, פון וועלכע עס שרייט אזוי לודמילא?...

ג אָ ל ד ב ל ו ם: עט! נארישקייט — די געלד פון מאַראָזאָוו׳ען! איהר ווייסט נישט פון דעם?... צום ווידערזעהן! (וויל אָפּגעהן.)

מ אָ ל ט ש א נ ס ק י (האַלט איהם צו): איך ווייס נישט, איך ווייס־נישט. מאַכט מיר קלאָר, ווייל איצט קען מען יעדען פון אונז וואַרפען אין פּנים אריין עהנליכע פארלוימדונגען. דאַרף מען מענשען ערקלעהרען דעם אמת?... ווער איז דאָס מאַראָזאָוו? וועגען וואָסערע געלדער האנדעלט זיך דאָ?... פאַר־וואָס זיינען אזוי וועניג מענשען פארטרויט אין דער זאַך? איך הער פון דעם דאָס ערשטע מאָל, און בין זיך מודה: די באשולדיגונג וואָס איז געוואָרפען געוואָרען אין פּנים פון זאָפיען און מאַקסימען האָט אויף מיר געמאַכט א שרעקליכען איינדרוק... אויף מיר איז עס נעפאַלען ווי א דונער פון א ריינעם הימעל!...

ג אָ ל ד ב ל ו ם: עט, איהר לאָזט זיך צופיל באאיינפלוסען פון די אַלע מאַכינאַציעס... דאָס איז לודמילעס אַן אינטריגע! זי ווייסט זיכער דעם סוד, ווייסט ווי די זאַך איז אין דער אמת׳ען און בלויז דער פארביסענער האס צו זאָפיען האָט איהר געקענט

ברענגען צו באנוצען זיך מיט אזעלכע נידעריגע אינ־
טריגעס...

מאַלטשאַנסקי (אונגעדולדיג): אָבער וואָס
זיינען עס פאר אַ קאַפּיטאַלען פון בערלין און לייפּ־
ציג, וועגען וועלכע לודמילא רעדט?... איז עס
פאַלש?

גאָלדבלום: די געלד האָט איבערגעלאָזט
מאַקסים'ס אַ שילער — אַ זוהן פון מיליאָנער מאָראָ־
זאָוו פון מאָסקווע. דער בחור איז געשטאָרבען מיט
12 יאָהר צוריק אין די שווייץ און דעם גאַנצען
ריזיגען פאַרמעגען האָט ער איבערגעלאָזט פאר אונ־
זער פאַרטיי. דער דאַמאַלסדיגער צענטראַל קאָמי־
טעט האָט צוטיילט די סומע אין פאַרשיידענע אויס־
לענדישע בענק אויף די נעמען פון איינעגע פאַרמעג־
ליכע רייטשע חברים, אייניגע עסטרייכישע... אַ טייל
אין אַמעריקא. איצט נעהמען מיר בּיסלאַכווייז
ארויס... ס'איז געווען נויטיג מיט דעם געלד זיך צו
קאָנספּירירען, כדי די פאַמיליע זאָל נישט אויפהוי־
בען קיין געוואַלד און פאַרפיהרען אַ פּראָצעס, צו
נישט מאַכען די צוואה. דאָס בירגערטום קלייבט
נישט איבער אויב נאָר עס האַנדעלט זיך אין געלד...

מאַלטשאַנסקי: דאַרף מען דאָך דאָס
עפּענטליך מעלדען אין דער פּרעסע, די גאַנצע גע־
שיכטע. אויב נישט, וועט מען דאָך אונז פאַר־
שווארצען... שעדיגען ביי דער עפּענטליכקייט...

גאָלדבלום: מאַקסים מוז אין דער פראַגע
עפּעס באַשליסען. היינט איז דאָס ערשטע מאָל,
וואָס לודמילא האָט איהר ארויסגעשלעפּט אין דער
עפּענטליכקייט... אפשר וועט זי דאָך נישט זיין אזוי
נידעריג, זי זאָל אויספיהרען איהרע דראָהונגען...
געזיים וועט מען עפּעס טאָן. זייט געזונד. איך
אייל זיך. (דערלאַנגט די האַנד מאָלטשאַנסקי'ן און
געהט שנעל ארויס.)

## 5 טע סצענע.

(מאָלטשאַנסקי געהט צוריק אין זיצונגס־זאַל. פלוצ־

לונג הערט זיך אַ פייף, אַ בייזעריי, געשרייען: „נידער! נידער! שאַנדע!"... עס ווערט אַ שרעקליכער טומעל... דער פּאָרזיצער קלינגט. עס דערגעהט אויך אַמאָל מאַקסים׳ס שטאַרקע שטימע אָבער נאָך יעדען וואָרט זיינעם צוגיסט זיך אַזאַ שטורם־געשריי, אַז ער ווערט איינגעגעבען פאַרשריען. ענדליך הערט זיך אַ שטאַרקער, לאַנגער קלונג פון פּאָרזיצער וואָס בארוהיגט אַביסעל דעם עולם. עס הערען זיך שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטען. עס ווערט שטיל. ס׳הערט זיך אַ רוהיגע שטימע פון פּאָרזיצער, נאָכדעם ווידער אַפּלאָדיסמענטען, פּאַטשעריי. איינער פאַנגט אָן זינגען די „מאַרסעליעזע", עס ווערט אויפגעכאַפּט און זינגענדיג צוגעהען זיך אַלע. פון די טירען פון זיצונגסזאַל שיטען זיך ארויס פיל מענשען. רעדען הויך. געהען צו דער גאַס ארויס.)

מאַלטשאַנסקי (פרעגט ביי איינעם פון די חברים): וואָס באדייטעט עס אַלץ? האָט זיך די זיצונג געענדיגט?

דער חבר: דער פּאָרזיצער האָט פאַנאַנדערגעלאָזט די זיצונג, ווייל מען האָט נישט געוואָלט הערען פּיאַטאַקאָוו׳ן. אונערהערטער סקאַנדאַל!

מאַלטשאַנסקי: וואָס? מ׳האָט איהם נישט געגעבען קיין וואָרט?

דער חבר: טאַקע צוליב דעם וואָס ער איז געוועזען פאַרשריבען צום וואָרט און האָט זיך פון איהם נישט געוואָלט אָפּזאָגען... דעמאָנסטראַטיוו האָבען זיי איהם נישט געלאָזען רעדען... אַ באַנדע!

מאַלטשאַנסקי: וואו איז פּיאַטאַקאָוו?

דער חבר: געבליבען אין פּרעזידיום.

מאַלטשאַנסקי: אַ סקאַנדאַל! אַ סקאַנדאַל! (ווערט פאַרלאָרען פון זאַל שטופּענדיג זיך צווישען־די דורכגעהער.)

(דער צימער ווערט לעדיג. ביסלאַכווייז ווערט אויס טומעל. פּיאַטאַקאָוו קומט אריין, ווישט זיך דעם שווייס פון שטערען, בלאַס פון אויפרעגונג. זיין פּנים דריקט אויס אַ שווערען אינערליכען קאַמף. שפּרייזט שנעל.

מיט גרויסע טריט גײט ער דורך עטליכע מאָל די סצענע. די הענד אײנגעשלאָסען אויף הינטען...)

6 טע סצענע.

מאַלטשאַנסקי (גײט אַרײן דענערװירט): דאָס איז דאָך אָבער אַן אונערהערטער סקאַנדאַל... װאָס דענקט איהר?

מאַקסים (נישט גערן): עט! א געװעהנ־ליכע שאַפּקע! נישטאָ איבער װאָס צו מאַכען אַן עסק... מאָרגען האָב איך דאָס ערשטע װאָרט. מ׳דאַרף ברענגען סאָלדאַטען פון אונזערע פּאָלקען און מאַטראָסען. די זיצונג איז באַשטימט אויף 9 אין דער פריה... הויבט שוין אָן אַרומפאָהרען אין די קאַזאַרמעס... מאָביליזירט אַלעמען אויף מאָרגען. זאָלען זײ קומען 8 אַזײגער און פאַרנעהמען די פּלע־צער...

מאַלטשאַנסקי (פאָרזיכטיג): איך האָב מורא, אַז אין דער אָפּלעגונג פון דער זיצונג אויף מאָרגען איז באַהאַלטען א פּראָװאָקאַציע... ס׳איז דאָ א באַפעהל אײך צו אַרעסטירען... איך צװײפעל, צי איהר װעט מאָרגען קענען אַרויסטרעטען. צי װאָלט נישט בעסער געװען איהר זאָלט זיך באַהאַל־טען?...

מאַקסים (קוקט פאַרשעהנד אויף מאַלטשאַנסקען): א?... קען זײן איהר האָט רעכט! יע! יע!... ס׳איז זעהר מעגליך דאָס װאָס איהר זאָגט... די „חברים" פון פּרעזידיום זײנען געװען אַזוי העפליך, אַזוי פּרײנדליך האָבען זײ אויף מאָרגען פאַר מיר רעזער־װירט דאָס ערשטע װאָרט... יע! יע!... איהר פאַר־שטעהט אויסגעצײכענט... געװיס װילען זײ מיר ביז מאָרגען אָפּרײניגען... דאָ, אין „סאָװעט", א דעלע־גאַט פון סאָלדאַטען האָבען זײ מורא אָנצוריהרען... א! ס׳איז אַזוי... און דאָרט אויף דער גאַס װאָרט מען אפשר מיר צוצונעהמען... גײט זיך נאָר דורך אַרום דעם מויער!... שפּאַצירט דאָרט א ביסעל. איך װעל דאָ װאַרטען.

מאלטשאנסקי: פֿאלשטענדיג געךעכט... ווארט דאָ. איז דאָרט אין זאַל קיינער נישטאָ?

מאקסים: איך ווייס אליין נישט... גיט אַ קוק! איך ווארט אויף אייך... (שטעלט זיך ביים פענסטער, אַביסעל דענערווירט, עפֿענט דעם פענסטער און קוקט זיך ארום. אין אַ מינוט ארום הויבט ער ווידער אָן ארומשפּאַצירען אויף דער סצענע. פון צייט צו צייט בלייבט ער שטעהן, מאַכט אַ באַוועגונג, נעהמט ארויס אַ נאָטיץ־ביכעל, זעצט זיך אויף דער קאַנאַפּע און הויבט אָן צו שרייבען. טיף פארטראכט).

(מאַלטשאַנסקי געהט אויף אַ מינוט אריין אין זאַל. קומט גלייך צוריק און געהט איילענדיג אַרויס דורך די הויפּט־טירען.)

## 7 טע סצענע.

(לודמילא קומט שטיל אריין פון זיצונגס־זאַל; קוקט זיך ארום. טרעפט מאַקסימען אליין. קוקט זיך ארום פאַרזיכטיג. דענקט נאָך אַ ווײַלע און געהט ענטשיידענד צו צו מאַקסימען. אויף'ן געזיכט און אין די באַוועגונגען פון לודמילען שפּיגעלט זיך אָפּ אַ שרעקליכער קאַמף. אַ מינוט שטעהט זי און קוקט אויף איהם ביז, ווי זי וואָלט איהם וועלען געבען אַ טויט־קלאַפּ. אָפּ זיגט אַ פלוצלונגער צאַרטער געפיהל... אין די אויגען טרערען... ווישט מיט דער האַנד אָפּ דעם שטערען, לייכטער צו מאַכען די שרעקליכע ליידען.

(מאַקסים האַלט נידעריג איינגעבויגען דעם קאָפּ, פאַרטראכט, לאָזט טרויעריג אַראָפּ די האַנד).

לודמילא (גיך): מאַקסים קאַרלאָוויטש, איך וויל מיט אייך רעדען!...

מאקסים (זיין פנים ווערט שטייף. אַ קאַלטער בליק אין די אויגען. ענטפערט קאַלט, באציהט זיך צו איהר מיט גרינגשעצונג און אָפּמעסטענדיג איהר מיט די בליקען. שטעלט זיך נישט אויף פון דער קאַנאַפּע): איהר?... איהר נאָך?! פאַרלוימדערין!... איהר האָט די דרייסטקייט מיט מיר צו רעדען... אָהן ערות... (רעגט זיך ביסלאכווייז אויף.) איהר זייט אַ

גרויסע איינשטעלערין!... איהר ריזיקירט אויף אן אמת! איך קען אייך ווי א שלאנג דערשטיקען מיט די אייגענע הענד... פארשטעהט איהר?... (באַ־הערשט זיך און קערט אָפּ פון איהר דעם קאָפּ.)

לודמילא (ציטערט אויף, גליווכט זיך אויס. דער באַליידיגטער כבוד האָט געזיגט. רעדט שנעל, די ווערטער קומען ארויס ווי פון אַ שטיקענדע האַלז): גענוג, מאַקסים, קיין איין וואָרט מעהר! איך קען נישט פארטראָגען די באַליידיגונגען. איך בין א פארלוימדערין?... אָבער, צום באַדויערען, האָב איך דאָקומענטען אין האנד!... האָב איך יע א רעכט אייך צו ווארפען אין פנים א פארדאמונגס־וואָרט... נישט קוקענדיג אויף אַלץ, מאַקס... (איהר שטימע ציטערט. זי קוקט זיך ארום און רעדט מיט אַ שטילער שטימע.) נישט נעהמענדיג אין אכט מיין שרעק־ליכען וועהטאָג צוזעהענדיג דיין צושטערענדע אר־בייט; נישט קוקענדיג אויף דעם גרויסען אונ־ברחמנות'דיגען קאַמף פאר'ן גורל פון רוסלאנד וואָס איך בין געצוואונגען מיט דיר צו פיהרען; נישט קוקענדיג אויך אויף די שרעקליכע שמערצען וואָס דו האָסט מיר פארשאפט ארויסווארפענדיג מיר פון דיין הארצען, אויסשטרייכענדיג מיר פון דיין לע־בען — האָב איך געגלויבט אין דיין עהרליכקייט... איך בין געווען טיף איבערצייגט, אז דו ביסט א פאנאַטיקער, פארבלענדעט פון דיין אמביציע; א מאניאַק אפילו... אַ משוגענער, אָבער אַן עהרליכער, אַן אידעאַליסטישער ביז'ן גרונד!... און... מאַקסים! מאַקסים! ווען... (באַהערשט זיך מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג צו רעדען רוהיג, ברעכט נערוועז די הענד.) אין די קרייזען האָט מען אָנגעפאַנגען צו פארשפריי־טען קלאַנגען וועגען דיין פאַרראַט לטובת דער בער־לינער רעגירונג... וועגען דיין פאַרקויפען זיך — האָב איך זיך, ווי א ליוב, געריסען צו פארטיידיגען דיין גוטען נאָמען!... אָבער... ווען מ'האָט מיר גע־בראכט דאָקומענטען, אז דו נעהמסט פון דאָרטען געלד, באקומסט באצאָהלט!! מאַקסים!... דאָס איז

געוועז פאַר מיר אזוי שרעקליך! דו... אזעוו'ס א יורש! דו — א פּראָוואָקאַטאָר!... (קען זיך מעהר נישט באַהערשען, ברעכט אויס מיט אַ שרעקליכען, ספּאַז־מאַ־געוויין, וועלכער צורייסט איהר האַרץ. מיט אַ נערוועזער באַוועגונג געהט זי צו צום פענסטער, שפּאַרט זיך אָן אין איהם און מיט אַ פאַרצווייפעלטער כליפּעריי וואַרפט זי געצעהלטע ווערטער.) אזוי פאַרלירען דעם גלויבען אין א מענשען — אָך, דאָס איז שרעקליך! שרעקליך!... (כליפּעט.)

מ א ק ס י ם (אין אָנהויב הערט ער זיך צו מיט אַ איראָנישער מינע, ביסלאַכוויז הויבט ער אָן צו זעהן אויפריכטיגקייט אין לודמילע'ס רייד, שטעלט זיך אויף, כדי איהר צו איבעררייסען דאָס רעדען, אָבער איהר געוויין און פאַרצווייפלונג מאַכט איהם שטעהן-בלייבען אויפ'ן אָרט. אויף זיין געזיכט מאָלט זיך אונאַנגע־נעהמעס פון דער סצענע און באַדויערונג. אונגעדולדיג שרייט ער כמעט): לודמילא! באַדענק זיך!... צי גלויבט איהר אין די אידיאָטישע פּליאָטקעס?!... באמת א שאַנדע!...

ל ו ד מ י ל א (קערט שנעל אום דאָס געזיכט צו מאַקסימען): וואָס?... און דאָקומענטען?...

מ א ק ס י ם: וואָס פאַר א דאָקומענטען? נאַרישקייטען!

ל ו ד מ י ל א: אייערע קוויטירונגען אויף געלד פון בערלין?...

מ א ק ס י ם (אויפגעקאָכט): נו, טאָ איז וואָס? פון בערלין!... מאָראָזאָוו'ס קאַפּיטאַלען זיינען אוועק־געלעגט געוואָרען אויפ'ן נאָמען פון חבר נערטנער און אנדערע... עט... לאָזט אָפּ די נאַרישע מעשה! (טרוקען.) און מיט אזא נעוועהר האָט איהר עס גע־וואָלט נעגען מיר קעמפען?! אָפּטויטען די אידעע?! א חרפּה! (שפּרייזט אום אויפגערעגט.)

ל ו ד מ י ל א (ווערט ביסלאַכוויז רוהיג): מאַק־סים! אלזאָ, איז דאָס אַלעס א בלבול? איהר לייַ־קענט עס אַבסאָלוט איננאַנצען?...

מ א ק ס י ם (שטעלט זיך פאַר איהר און רעדט

זעסט): פאַקטיש האָב איך מיט אייך וועגן דעם נישט באַדאַרפט רעדן — אַבסאָלוט אינגאַנצן נישט... ווען איהר האָט געהאַט וועלכען ס'איז צווייפעל אין מיין... אין אונזער עטיק, ווען איהר האָט דערהערט די ערשטע פּליאָטקעס וועגן מיין פאַרקויפען זיך, האָט איהר באַדאַרפט — אַלס עהר־ליכער חבר, אַלס אַן אמאָליגע מיטאַרבייטערין — קומען צו געהן און פאָדערען ערקלעהרונגען. און איך וואָלט זיי אייך נישט אָפּגעזאָגט. עס איז אין דעם נישטאָ קיין סודות. אָבער איהר... ווי אַ שאַקאַל האָט איהר זיך געגראָבען אין דאָס פאַרפוילטע אַרום מיר... געזוכט דאָקומענטען... געוואָלט עפּעס געפינען מיט וואָס מען זאָל מיר קענען אונשעדליך מאַכען... און נישט מיר... נישט נאָר מיר... אַך, אָרימע באַשע־פעניש!... נידעריגע אייפערזוכט, ווייבערישע אייפער־זוכט האָט געשפּייזט אייער האַס, אייער פאַרבלענ־דעניש... איהר האָט געוואָלט נקמה נעהמען אין זאָפיען... הרג'ענען דאָס טייבעל... (לייכטע אויפרעגונג און רחמנות הערט זיך אין זיין רעדען.) וועלכע האָט זיך דאָ מיט גאָרנישט פאַרזינדיגט, וועלכע האָט נישט קיין באַגריף אין די ענינים, וועמעס איינציגע שולד איז וואָס זי איז מיר נויטיג צום לעבען... (קערט זיך אָפּ און הויבט אָן אַרומגעהן.)

לודמילא: אַ ניין! ניין, מאַקסים! ס'איז נישט אמת, וואָס איהר זאָגט!... אייער באַציהונג צו זאָפיען איז אַ שטאַרקער קלאַפּ פאַר מיר... דאָס איז אַזוי! דאָס איז אמת! אָבער איך האָב געטאָן אַלס אַ רוסישע. איך האָב געוואָלט זיך און די וועלט איבערצייגען אין אייער שולדיגקייט, כדי אייך צו דיסקרעדיטירען, כדי אייך אָפּצושוואַכען. איך האָב געאַרבייט מיט דער עהרליכער איבערצייגונג, אַז איך ערפיל מיין פליכט... און די פליכט איז געווען אַ שרעקליך שווערע! פיינליכע איבערלעבונגען האָב איך געהאַט זאַמלענדיג דאָקומענטען געגען אייך... איצט איז גאַנץ אַנדערש. פונקט... צום גליק איז עס בלויז אַ פּאַטאַלע פאָראיבערגעהענדע פּאַסירונג

זייט איהר אַ ריינער מענש... וועל איך אייך פון דעם חשד אינגאַנצען פאַרטיידיגען... רייניוואַשען... גאַנץ גוט וואָס היינטיגע זיצונג איז איבערגעריסען געוואָרען... איך האָב באַדאַרפט עפענטליך די אַזוי גערופענע דאָקומענטען פון אייער פאַרראַט מעלדען אין „סאָוועט“. פאַרצייהט, מאַקסים! אַ פאַטאַלער טעות פון מיין זייט, אַ שווערער טעות! פאַרצייהט!

מאַקסים: ראַטעוועט זאַפיען!

לודמילא (קאַלט): זאַפיע ווערט באַשולדיגט אין אַנדערע עבירות! זי האָט געאַרבייט אָפען געגען רוסלאַנד... לויט דעם געזעץ פון קריגס־צושטאַנד קען זי אין בעסטען פאַל ארויסגעשיקט ווערען קיין אויסלאַנד!...

מאַקסים (גיך): אייער קריגס צושטאַנד געזעץ וועט זיך שנעל ענדיגען!...

לודמילא (נאָך קעלטער): איהר שטרעבט פאַרט מיט אַן אונבַרחמנות'דיגער קאָנסעקווענץ צום אָפּגרונד?...

מאַקסים: איך שטרעב צו דעם אָנגענומענעם ציל! אַ! וואָס דענקט איהר, אַז אַזעלכע שאַפּקעס ווי היינטיגע קענען מיר אָפּהאַלטען? די רעזשיסירטע דורך אייך קאָמעדיע פון אויספייפען, צירק־קונצען, קען ווירקען אויף אַזאַ מענשען ווי איך בין?!... אייך וועט שטענדיג און אומעדום ענטוישען אייערע שלעכטע קאָמבינאַציעס און באַבסקע פּאָליטיק...

לודמילא (קרעפטיג): זידלעריי איז נישט צום פּלאַץ. היינטיגע „שאַפּקע“, ווי איהר רופט עס, איז איינע פון די טויזענדער פאַקטישע באַווייזען, אַז דער געזונטער אינסטינקט פון ארבייטער־קלאַס זיגט, אַז אייערע משוגענע פּלענער האָבען נישט דעם קלענסטען ערפאָלג ביי אויסגעפּרובירטע און אמת־באַוואוסטזיניגע ארבייטער... היינט איז דאָך דער זאַל פול געוועזען מיט אמת'ע ארבייטער־פאַרשטעהער...

מאַקסים (רייסט איהר איבער): ערצווינגען אין אייער שולע... אויסגעצייכענט מיסט, אויף וואָס איהר

ווילט פארזייען וואונ־ערליכע תבואה פאר די קאַ־
פּיטאַליסטישע שפּייכלערס... איך האָב זיך שוין צו־
געקוקט צו דער עוואָלוציאָנערער „ארבייט" אין מיינע
וואנדערונגס־יאָהרען איבער אייראָפּע און אַמעריַ־
קאַ!... וואונדערליכע רעזולטאַטען!... ביי דער
„הייליגער" פּארלאַמענטארישער קולטורעלער סאָ־
ציאַלדעמאָקראַטישער ארבייט — איז אויסגעוואַקסען
ריזיג, ווי גאָט, דער מיליטאַריזם! און גרוזאַם און
שרעקליך פארניכטעט ער און מאַכט צו־נישט אַלעס
ארום... אַלע אידעען... אַלע שעהנע ווערטער... פּראָ־
זען־פּראָגראַמען, אזוי אויפמערקזאם אויסגעארבייט,
אזוי איינגעשפּארט אָנגעשטאָפּט די מוחות — אַז
עס האָט זיך פון זיי גאָרנישט אָפּגעשטעלט! אָט!
נאָכהענגענדע צוויטען, אָן איבערצייגונג אָהן א ווערט,
אָהן א ווירקונג... אַ תפילה וואָס ווערט געזאָגט פון
געוואוינהייט. ניין! ניין!... איך האָב איבערגע־
קלעהרט, נאָכגעדענקט... שוין דורכגעלעבט די אַלע
צווייפלונגען... גאַנצע יאָהרען האָב איך געזוכט מיט־
לען צו באאיינפלוסען די רייהען פון די שקלאַפּען
מיט'ן ווילען פון טאַט!... ארויסרייסען איהם פון
פאַלשען שאַבלאָן און פאַר'כשופ'טען ראַד פון די
טעאָרעטישע פּראָגראַמען... „פרייהייט, גלייכהייט,
ברידערליכקייט!"... כאַ! כאַ! כאַ!... ווען אויף
דער וועלט הערשט געוואַלד, אונטערדריקונג אומע־
דום! ווען אין דער מענשליכער נשמה איז סאַנק־
ציאָנירט דאָס געוועלטיגען פון שטאַרקען איבער'ן
שוואַכען! ווען אין מח, אין די געדאַנקען... אין
דער גאַנצער נאַטור איז אָנגעפילט די שרעק פאַר'ן
שטאַרקען! ווען דער קלוגער נוצט שטענדיג אויס
דעם שוואַכען... ווען כח און נאָר כח אימפּאָנירט!...
ווען דינאַמיט איז גאָט!... כאַ! כאַ! כאַ!... „פריי־
הייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט!" די פראַזע
האָבען אויפגעכאַפּט די פאַרשטעהער פון פויסט און
שלעפּען זיך ארום מיט איהר; מאַכען אייך צו נאַר
ביז'ן סוף! אייך! אייך! אַלע וואָס זיינען שקלאַ־
פּען אין דער נשמה, טרוסען־טוער, וואָס ציטערען

פאַר יעדער לעבעדיגער טעטיגקייט פון אונטערדריק־
טען פאָלק! וואָס האָט איהר געמאַכט מיט'ן סאָ־
ציאַליזם?... וואָס האָט איהר געמאַכט פונ'ם אר־
בייטער?... פון דעם איינציגען רעוואָלוציאָנערען
כח?... צי אַרבייט איהר נישט אויף טעמפּ צו מאַ־
כען דעם שווערד פון רעוואָלוציע? צוצונעהמען די
שטאַרקייט פון דעם אַרבייטער־קלאַס, איינצושפּאַנען
איהם אין וואָגען פון דער „פּראָגרעסיווער" בור־
זשואַזיע? קליינע רעפאָרמען, גאַנצע דורות פון
עוואָלוציע, נישטיגע נצחונות?!...

לודמילא (רייסט איבער): און איהר?...
וואָס שטעלט איהר, די פאָרשטעהער פון געוואַלד,
אַנטקעגען די פארהייליגטע שאַבלאָנען? דאָס גע־
וועהר פון עוואָלוציע?!... צי ווילט איהר נישט אין
אייער פארבלענדעניש באַנוצען דיזעלבע „געוואַלד",
צי ווילט איהר נישט מיט דער קראַפט פון פויסט
באַקעמפען די געגנער?!!

מאַקסים: יע! איך וויל! יע! „מיט'ן פויסט
וועל איך קעמפען, צושטויסען און זיגען!... ווייסט
איהר פון פּוילישען מיצקעוויטש? ווייסט איהר זיין
אָדע? „געוואַלד זאָל דורך געוואַלד ווערען אָפּגעשטוי־
סען!" רופט דער געניאַלער פּאָליאַק. זאָגט פאָר אָן
אומבאַדינגטען קאַמף דער נייער בעסערער וועלט!...

לודמילא: רוסלאַנד האָט גענוג געוואַלד גע־
האַט! רוסלאַנד אָטעמט צו די פרייהייט! רוסלאַנד
איז דורשטיג נאָך אַ פרייע, נאַטירליכע ענטוויקלונג,
ברידערליכע ליבע... דאָס רוסישע פאָלק, די אומ־
גליקליכע, אין קייטען איינגעלעבטע, וויל לעבען רו־
היג, צופרידען; וויל זיך פרעהען, לאַכען, ליבען,
לעבען שעהן!... גענוג האַס און געוואַלד! און איהר,
איהר שטופּט איהם צו מאָרדען! צו אַ ברידער־
ליכע שחיטה! צו נייע קרבנות! איהר פאַרשמידט
אין קייטען דעם נייעם געבורט...

מאַקסים (בלייבט שטעהן אינמיטען צימער.
קוקט מיט זיין שאַרפען קאַלטען בליק, די הענד פאַר־
לעגט אויף הינטען): מיר וועט איהר מיט אייערע

סענטימענטען נישט צומישען... דוקא רוסלאַנד, וואָס איז געוואוינט צו אַ שטאַרקע האַנד, וואָס האָט זיך מיט דעם איינגעלעבט, אַז איינער זאָל מיט איהר פעסט רעגירען, אַז מען קען מיט איהר אַלעס אויס־פיהרען: לעב אָדער שטאַרב!... יע!... דאָס איז די נאַטור פון דער רוסישער נשמה! קענענדיג ביז׳ן גרונד דעם רוסישען גייסט — ווייס איך, אַז מען קען רוסלאַנד אָנוואַרפען אַ נייע אָרדנונג! רוסלאַנד קען מען אָנוואַרפען דעם סאָציאַליזם... מ׳קען גלייך אויפבויען אַ פונדאַמענט פאַר אַ נייער וועלט... מ׳קען פון איהר אָנהויבען; דער קאַפּיטאַליזם אין אייראָפּע און אין אַמעריקא דערגעהט ביז׳ן העכ־סטען פּונקט; מעהר ווי זיכער וועט ער אונטערגעהן מיט׳ן וואָרצעל!... אָבער אויף די דאָרטיגע געשעהע־נישען קענען מיר נישט האָבען קיין ווירקונג און מיר וועלען נישט האָבען... דאָ וואָלט אָבער נאַריש געווען — אין דעם כאָאָס נישט אריינכאַפּען פעסט די רעגירונגס־מאַשין! אַ, זייט זיכער, אַז דעם מאָ־מענט וועל איך נישט דורכלאָזען! איך שטרעב צו דער רעגירונגס־מאַכט און וועל צוברעכען אָהן רחמנות, אָהן ספיקות אַלץ, וואָס וועט מיר שטעהן אין וועג!... אין דעם מענט איהר זיכער זיין. (ווערט אנטשוויגען.)

(אַ מינוט שטיל.)

לודמילא (רוהיג): אונזערע דעבאַטען זיי־נען ארויסגעוואָרפען! און דאָך... אויף קיין מינוט האָב איך נישט געענדערט מיין מיינונג וועגען אייער שעדליכקייט... איהר זייט רוסלאַנד׳ס בעל קברן און איהר דערלאַנגט איהר אַ טויט־קלאַפּ... איך דאַרף מיט אייך קעמפען אָהן רחמנות — דאָס ווייס איך און פיהל — דאָך (שטיל.) דאָך... האָב איך פאַר אייך אַזוי פיל ברידערליכען געפיהל... (איהר שטימע ציטערט.) מאַקסים! איך טהו אַ נישט עהרליכע אר־בייט... אָבער... אפשר צום לעצטען מאָל וויל איך אייך ראַטעווען!... און ראַטעווען רוסלאַנד! (מיט בעטענדען טאָן, צוגעהענדיג צו איהם.) איך באַ־

שוועד איך, פאַהרט אוועק פון לאַנד! היינט, שוין... וואַרפט אוועק אייערע פאַנטאַסטישע פּראָיעקטען!... דאָ וועט איהר אונטערגעהן!... גלויבט נישט דער פינסטערער סאַלדאַטסקער מאַסע, וועלכע לויפט נאָך אייך נאָך בלינד!... דאָס איז אַ סטיכיע... און אַ סטיכיע קען נאָר פאַרניכטען...

מאַקסים (רייסט קאַטעגאָריש איבער): איך בעט אייך זעהר, מיר נישט צו נודען מיט אייערע באַפעהלען!...

לודמילא: איך וויל אייך ראַטעווען!... די רעגירונג... מיר וועלען נישט דערלאָזען אייערע משוגעת'ן! מיר וועלען אונטערדריקען אייערע פאַר־ברעכערישע אויפשטאַנדען און איהר וועט אונטער־געהן!... מיר וועלען פאַרלעשען דעם פייער, וועל־כען איהר מאַכט און איהר וועט פאַרטיליגט ווערען! איהר מוזט אונטערגעהן!... (מיט פאַרצווייפלונג.) האָט איהר גאָר קיין רחמנות אויף מיינע ליידען? איך זעלבסט וועל אונטערשרייבען און אפשר אויך דורכפיהרען אַ טויט־אורטייל אויף אייך! דאָס איז דאָך עפּעס איבערמענשליכע ליידען!... מאַקסים! איהר וועט פון דאַנען פריי נישט ארויסגעהן. (שטיל.) עס זיינען דאָ באַווייזען, אַז איהר האָט צוגעגרייט אַ באַוואָפנעטען אויפשטאַנד אין קראָנשטאַט... ס'איז דאָ אַ באַפעהל, אייך צו ארעסטירען און איבערגע־בען צו אַ פעלד־געריכט!... אום גאָטעס ווילען, אַנט־לויפט! איך וועל אייך העלפען, גרינגער מאַכען אייער ארויספאָהר נאָך אויסלאַנד!... אבי באַפרייט זיך נאָר פון דער משוגעת...

מאַקסים (קוקט אויף איהר און פאַרטראַכט זיך לאַנג).

לודמילא (מיט עקשנות): איהר פאָהרט? שטימט איהר צו אויף ארויספאָהרען?... איך שוועד אייך, אַז היינט, יעדע מינוט, וועט איהר זיין ארעס־טירט און גע'משפט ווערען פאַר צוגרייטען אַ ברו־דער־מלחמה!...

מאַקסים (קאַלט): אַ דאַנק אייך פאַר די וואָ־

רעגישען... כאָטש איך בין שוין פריהער געוואָרענט געוואָרען! זאָרגט זיך נישט פאַר מיין גורל! יעדער, וואָס פאַנגט אָן אַ קאַמף, איז גרייט אויף אַלעס!...

לודמילא (מיט פאַרצווייפלונג): אַלזאָ, איהר פאָהרט נישט אָפּ?...

מאַקסים (איראָניש): וועגען מיינע פּלענער, ווי זיך זעלבסט צו באַשיצען קען איך נישט אַזוי אַבסאָלוט אָפען רעדען מיט אייך... דאָס איז איינס!... ווייטער זייט קאָנסעקווענט: מיט אַ מינוט פריהער האָט איהר פאַרזיכערט, אַז איהר וועט אונטערשרייבען אַ טויט־אורטייל אויף מיר, און איצט ווילט איהר מיר אָפּהיטען פון אַ געוועהנליכען ארעסט. אָן אמת ווייבערשע לאָגיק... (קערט זיך פריינדליך אום צו לודמילען.) אַ וויץ אין אַ זייט! איך דאַנק אייך יעדענפאַלס פאַר די גרויסע פערזענליכע דינסטען פון פריינדליכקייט, אָבער מיר מוזען זיך איינמאָל ענטגילטיג פאַנאַנדערגען! — אונזערע וועגען זיינען אַזוי פאַרשיידען!... היינט זיינען מיר געגנער, און מאָרגען אפשר פיינד, קעמפענדיג אויף די צוויי זייטען פון די באַריקאַדען!! זייט געזעגענט! (גיט איהר די האַנד.)

לודמילא (איז אַ מינוט אין ספק. גיט איהם דאָך די האַנד): זייט געזעגענט! היינט קען איך אייך נאָך דריקען די האַנד!... מאָרגען קען אפשר אויף איהר זיין בלוט פון אַ ברודער־קריג!...

מאַקסים (רייסט שנעל ארויס די האַנד): און צום סוף איז שטענדיג היסטערישע אָנפאַלען...

## 8טע סצענע.

(ניקאָלאַיעוו פאַלט אריין. קוקט זיך ארום און געהט צו צו מאַקסימען. קוקט פארוואונדערט אויף לודמילען. שווייגט.)

מאַקסים: מיט וואָס קומט איהר? וואָס איז געוואָרען מיט זאָפיען? האָט זיך אייך איינגעגעבען איהר צו באַפרייען?

ניקאָלאַיעוו (ווארפט אַ בליק פול מיט האַס

אויף לודמילען) : צום באדויערען! זאָפיען האָט מען אָפּגעפיהרט אין פעטראָפּאוולאָווסקער פעסטונג אונטער'ן חשד פון שפּיאָנאזש, פאַרראַט א. ד. גל. איך בין געווען אומעדום, וואו ס'האָט זיך נאָר גע־לאָזט... איך קען אבסאָלוט גאָרנישט טאָן. קאָמי־סאַר לעוויצקי האָט זיך געקאָכט, אַז אונז אַלעמען וועט דערזעלבער גורל טרעפען!

מ אַ ק ס י ם : נישט וועגען די דראָהונגען, אָבער זאָפיען דאַרף מען ראַטעווען... איהר געזונד־צושטאַנד איז אַזעלכער, אַז דאָס קען איהר אַוועקלעגען. דאָס שוועלבעלע וועט נישט איבערטראָגען אונזער פּעט־ראָפּאַוולאָווסקע... אַך!... אָרימע!... (זעצט זיך טרויעריג אויף דער קאַנאַפּע, פאַרגעסט זיך אינגאַנצען וועגען דער אַנוועזענהייט פון לודמילען.)

ל ו ד מ י ל א (פיהרט מיט זיך אַ קאַמף. ענטשיידעט זיך ענדליך, געהט צו צו מאַקסימען) : זייט רוהיג! איך וועל אַלעס מעגליכעס טאָן, כדי איהר ארויס־צוקריגען פון פעסטונג!...

מ אַ ק ס י ם (קוקט אויף איהר פאַרשעהנד) : איהר וועט עס באמת טאָן?...

ל ו ד מ י ל א : יע, איך וועל עס טאָן. איך געה גלייך צו מענשען, וועלכע וועלען ענטשיידען די זאַך ווי איך וועל וועלען...

מ אַ ק ס י ם : אַ דאַנק אייך... איהר טוט ווי אַ מענש!

ל ו ד מ י ל א (מיט ווירדע) : איך בין עס שטענ־דיג... איין באַדינג... זאָפיע מוז פאַרלאָזען רוסלאַנד!

מ אַ ק ס י ם : גוט! זאָפיע פאָהרט אַוועק...

ל ו ד מ י ל ע : און איהר?...

מ אַ ק ס י ם : איך האָב אייך שוין געזאָגט. צו דעם פאַרפליכטע איך זיך נישט...

ל ו ד מ י ל א (אין ספק, ווי זי וואָלט וועלען עפּעס זאָגען. ענדליך ענטשליסט זי זיך און הויבט אָן ארויס־צוגעהן) : צום ווידערזעהן!

מ אַ ק ס י ם (צו ניקאָלאַיעוו'ן) : איצט הערט! איך מיין פערזאָן — גיב איך אייך פרייע הענד!... טוט

ווי דער געוויסען וועט אייך דיקטירען! אָבער ראַטעוועט זאָפּיען...

לודמילא (לעגט גלייך איהר אויפמערקזאַמקייט אויף דעם לעצטען וואָרט, ווי זי וואָלט איהם שוין נישט וועלען הערען און געהט שנעל ארויס.)

מאַקסים (צו ניקאָלאַיעוו'ן): איצט הערט! איך מוז זיך באהאלטען! פון דאַנען וועל איך נישט ארויסגעהן, ווייל מאָלטשאנסקי, וועמען איך האָב געשיקט אויסקוקען, האָט זיך נאָך ביז איצט נישט צוריקגעקערט. קען זיין, ער איז ארעסטירט — זיבער אזוי...

ניקאָלאַיעוו: און וואָס האָט אייך לודמילא געזאָגט?

מאַקסים: זי האָט מיר פאָרגעלעגט הילף, איך זאָל אַנטלויפען נאָך אויסלאַנד... נישטאָ וועגען וואָס צו רעדען... דער פאַקט איז, אַז איך מוז זיך באהאלטען, ביז ס'וועלען נישט אָנקומען די מאַטראָסען און ביז איהר וועט נישט מאָביליזירען נייע פּאָלקען... איך האָב שוין אויסגעזוכט אַ באהעלטעניש... איך וועל פון דאַנען נישט ארויסגעהן ביז מאָרגען פריה...

ניקאָלאַיעוו: וואו וועט איהר זיך דאָ באַהאלטען?

מאַקסים: אין זיצונגס־זאַל, אונטער דער טריבונע!... מאָרגען 8 אינדערפריה, זאָלען אהער קומען סאָלדאַטען און די ערשטע אריינגעהן אין זאַל... ברענגט אַן איבעריגע פּאָר סאָלדאַטסקע קליידער... צווישען די סאָלדאַטען אויף דער גאַלעריע וועל איך זיך באהאלטען, אָדער אפילו, אויב ס'וועט זיין מעגליך, וועל איך ארויסטרעטען רעדען. אין זיצונגס־זאַל דראָהט מיר קיין זאַך ניט, און דער עפעקט פון מיין אונערוואַרטעטען קומען קען זיין אַ קאָלאָסאַלער!

ניקאָלאַיעוו: און לודמילא וועט נישט דערצעהלען, אַז איהר זייט דאָ פּארבליבען?

מאקסים: ניין! זי וועט נישט פאַראַטען! וועגען דעם בין איך רוהיג!...

ניקאָלאַיעוו: אויסגעצייכענט! אָבער צום טייוועל!... צו זיצען אזוי פיל שטונדען אונטער דער טריבונע — איך ווינש אייך!...

מאקסים: איך וועל נישט פארשווענדען קיין צייט!... מען דאַרף אַלעס באַטראַכטען!... גענהט און ביי דער טיר פרעגט דעם שווייצאַר, צי האָט ער מיר נישט געזעהן אַרויסגעהן?

ניקאָלאַיעוו: און... אפשר זאָל איך היינט אַרומרינגלען דאָס הויז מיט מיליטער און אייך פון דאַנען אַרויסנעהמען?...

מאקסים: איהר זאָלט נישט וואַגען! (דראָהענד.) ביז וואַנען איך וועל נישט געבען קיין צייכען! — אַבסאָלוט קיינע אַרויסטרעטונגען... טוט וואָס איך האָב אייך געהייסען... צום ווידערזעהן!...

(דריקען זיך די הענד און געהען זיך איילענדיג פאַנאַנדער: מאַקסים — אין זיצונגס-זאַל, ניקאָלאַיעוו — אין די אַרויסגאַנגס-טירען, פאַרקלאַפּענדיג זיי שטאַרק.)

פאָרהאַנג פאַלט.

---

## דריטער אַקט

### 1טע סצענע.

(אַ גרויס צימער אין סמאָלני אינסטיטוט. דער סופיט און די ווענט באַשעהנט מיט מאַהלעריי און שטוקאַטעריע. גרויסע ווענעצקע פענסטער, אינדערמיט דעקאָרירט. דער צימער איז לעדיג, בלויז אַ גרויסער טיש פאַרוואָרפען מיט פּאַפּירען. צוויי גרויסע פּאָטעלען אין עטליכע שטולען איז די מעבעל פון דעם גרויסען צימער. איידער דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף הערט זיך אין די קאָרידאָרען אַ שטאַרקער טומעל, דאָס קלאַפּען פון געוועהר. עטליכע סאָלדאַטען שטעהען קאַראַול, אָבער רעדען מיט חברים. אַלע פאַרהאַלטען זיך מיט זיכערקייט און טאַקט. מאַקסים זיצט ביים טיש און אַרבייט פלייסיג. לעבען טיש אָנגעשפּאַרט מיט די עלענבויגענס

שטעהט ניקאָלאַיעוו און גיט לעבהאַפט אַפּ אַ באַריכט.)

נ י ק אָ ל א י ע ו ו: איך האָב באַפוילען אַלעמען אָהן אויסנאַהם צו אַרעסטירען און קיין פּעטראָפּאַווּ־לאָווקע... קערענסקי איז פאַרלאָרען געוואָרען... איך האָב געהייסען איבערדרעהען דעם גאַנצען פּאַלאַץ... אַלעס מיט'ן קאָפּ איבערקערען — אַבי איהם גע־פינען און איהם ברענגען אַהער... אַהער... אַ לעבע־דיגען... מיר מוזען איהם האָבען אין די הענד. אנ־דערש וועט זיין אינטריגעס און קרענקונג אָהן אַן ענדע.

מ אַ ק ס י ם (שרייבט שנעל, הויבט צייטענווייז אויף דעם קאָפּ און קוקט אויפמערקזאַם אויף ניקאָלאַיעוו'ן): נישט ער איז אם וויכטיגסטען. אַבי דאָס מיניס־טעריום צוטריבען... איז עס פאָרגעקומען אָהן בלוט־פאַרגיסונג? קיינער האָט זיך נישט פאַרטיידיגט?...

נ י ק אָ ל אַ י ע ו ו: אָ... ניין, אַזוי רוהיג איז עס נישט צוגעגאַנגען... ס'איז פאָרגעקומען אפילו אַ קאַמף אויף קאַלט־געוועהר... זיי האָבען זיך פאַר־באַריקאַדירט אין די קאָרידאָרען... עטליכע טירען האָט מען געמוזט נעהמען מיט כח...

מ אַ ק ס י ם (גלייכגילטיג): אַ סך קרבנות?

נ י ק אָ ל אַ י ע ו ו: מעהר ווי אַ צעהנדליג זיכער, און אפשר עטליכע צעהנדליג...

מ אַ ק ס י ם: אונזערע?

נ י ק אָ ל אַ י ע ו ו: פון אונזערע מעהר — ווי געוועהנליך, אַטאַקירער...

מ אַ ק ס י ם: איז דער פּאַלאַץ גוט באַזעצט?

נ י ק אָ ל אַ י ע ו ו: דריי ראָטעס פּיעכאָטע שטע־הען אויפ'ן פּלאַץ... דער פּאַלאַץ איז באַזעצט מיט מאַטראָסען.

מ אַ ק ס י ם: זעלבסטגעריכטען זיינען נישט געווען?

נ י ק אָ ל אַ י ע ו ו: די רעגירונג האָב איך אליין אָפּגעפיהרט אין טורמע... די פאַרוואונדעטע אין שפּיטאָל.

## 2 טע סצענע.

(אַ טומעל ביי דער טיר)

נ י ק אָ ד ע ם  ק אָ ל א ט ש י נ ס.ק י (פּאַלט אריין אָהן אַ הוט, די האָר צושויבערט, אין האַנד אַ רעוואָלווער, אוילענדיג צום סאָלדאט) : לאָזט אריין, חבר! קיין מינוט נישט צו פּאַרלירען!

ס אָ ל ד אָ ט (פּראָטעסטירט) : מ׳קען נישט! מ׳קען נישט! — ווער? פון וועמען קומט איהר? מיט וואָס?

נ י ק אָ ד ע ם (מיט אַ הויכע שטימע איבער׳ן אַקסעל פון סאָלדאט) : מאַקסים קאַרלאָוויטש! אַ וויכטיגער ענין!

מ אַ ק ס י ם (צום סאָלדאט) : לאָזט אריין!

ס אָ ל ד אַ ט (אונצופרידען צו די חברים) : טייוולאָנים ווייסען וועמען יע אריינצולאָזען, און וועמען נישט!

נ י ק אָ ד ע ם (געהט אריין און רעדט דענערווירט) : אויפ׳ן פּאַלאַץ מאַרשירט אַ באַטאַליאָן פון פרויען... ווילען איינגעהמען דעם פּאַלאַץ... וואָס טאָן?... די שיסעריי האָט זיך שוין אָנגעהויבען!

מ אַ ק ס י ם : וואָס טאָן?! אָפּשלאָגען דעם אָנפּאַל! גענויס!!

נ י ק אָ ד ע ם (פאַרהיקעט זיך) : ס׳וועט זיך... אויפהויבען געגען אונז אַ שרעקליכער אַלאַרם... שיסען אויף פרויען?... די סאָלדאַטען וואָרטשען!... אַ סך ציהען זיך צוריק... לאָזען אַראָפּ די ביקסען.

מ אַ ק ס י ם : זאָלען זיי אָנגרייפען און אנטוואפענען! דער אָנפאַל מוז ווערען אָפּגעשלאָגען.

נ י ק אָ ד ע ם : אַ באַטאַליאָן האָט צוויי טויזענד ביקסען... די שחיטה קען זיין אַן אויסערגעווהענליכע!...

מ אַ ק ס י ם (שאַרף) : טאָ וואָס ווילט איהר? דער אָנפּאַל מוז ווערען אָפּגעשלאָגען!...

נ י ק אָ ד ע ם (נישט דרייסט) : אפשר שיקען א

דעלעגאַציע און פּרואווען ערקלעהרען די פּרויען זייער לייכטזין...

מאַקסים (פּעסט) : קיין דעלעגאַציעס... צו־טרייבען מיט כח, אנטוואָפּענען און אָפּפיהרען אין פעסטונג!... היינט קען נישט זיין קיין רייד וועגען קיינע פרידליכע מיטלען!... געהט!

ניקאָדעם (שטעהט אַ מינוט הילפלאָז. ענדליך ענטשליסט ער זיך און זאָגט אָפּגעהאַקט) : שיקט אימי־צען אנדערש מיט באפעהלען!... איך וועל זיך מיט פרויען נישט שלאָגען...

מאַקסים (כאַפּט זיך אויף ווי אַ פארוואונדעטער. גלייכט זיך אויס און באפעהלט די סאָלדאטען) : חברים, ארעסטירט ניקאָדעם קאָלאטשינסקען... צונעהמען דאָס געוועהר און אָפּפיהרען אין טורמע... שוין!...

ניקאָדעם (בלאַס פון באַליידיגונג, שווייגט אָבער).

ניקאָלאַיעוו (בלייבט ווי צוגעשמידט) : מאַק־סים קאַרלאָוויטש...

מאַקסים : איהר, ניקאָלאַיעוו, איילט צום פּאַלאַץ, רופט טעלעפאָניש ארויס די חברים פון 2טען פּאָלק און צוטרייבט... די אַמאַזאָנקעס... נעהמען לע־בעדיג, אויף וויפיל מ'קען, און קיין פּעטראָפּאוו־לאָווקע... געהט!...

ניקאָלאַיעוו (איילענדיג) : איך געה!

(די סאָלדאטען באַזוכען ניקאָדעמען, נעהמען צו פון איהם איין רעוואָלווער און אַ צווייטען, פּאַטראָנעס, פּאַ־פּיראָסען־פּושקע, געלד. לעגען עס פאר מאַקסימען.)

מאַקסים (באפעהלט שרייבענדיג) : דאָס געלד זאָל מען צוריק אָפּגעבען דעם ארעסטירטען... ארויס־פיהרען איהם... (טעלעפאָן קלינגט.)

די סאָלדאטען פיהרען ארויס ניקאָדעמען.

ניקאָדעם (די קאָפּ אַראָפּגעלאָזען, אויפ'ן פּנים אַ שרעקליכע באַליידיגונג. זאָגט קוים ארויס) : מאַק־סים! אַן אונערהערטער טעראָר!... איך האָב מורא אז...

מאַקסים (קורץ) : ארויספירען...

צוויי סאָלדאטען מיט ניקאָדעמען געהען ארויס.

מ א ק ס י ם (רעדט אין טעלעפאָן): וואָס? א שטאַרקע שלאַכט?... אַ סך קרבנות!... פארפאלען!... אַנגרייפען אומבאדינגט... ס'וועט צוקומען ניקאָלאיעוו מיט 2 קאַזאַנער פּאָלקען. טעלעפאָנירט אליין... זאָלען זיי זיך צוֿאיילען... מעלדעט ווי ס'האַלט!... (לעגט אַוועק די טעלעפאָן־טרובקע, פארטראכט זיך אַ ווײַלע און ענטשליסענדיג זיך טעלעפאָנירט ער ווייטער.) נומער 263-12 „סאָוועט", חבר מאָלטשאַנסקי אָדער גאָלדבלום... שנעלער, ס'רעדט פּיאַטאַקאָוו — איך וואַרט... אַ, דאָס זייט איהר גאָלדבלום?... נעהמט שוין צונויף דאָס פרעזידיום... איך וועל קומען אין אַ שטונדע... מעלדעט זיי וועגען פּראָיעקטירטע צו־זאַמענשטעל פון די פּאָלקס־קאָמיסאַרען... שמועסט זיך דורך וועגען די קאַנדידאַטען אין אַן ענטגיל־טיגער פאָרם; אין אַ שטונדע ארום מוזען מיר פעסטשטעלען דעם צוזאַמענשטעל פון דער רעגירונג... וואָס?... איהר קענט נישט ארבייטען אין אַזאַ גהינום?... איז טאַקע אַזאַ שיסעריי?... פארפאַלען!... ס'איז גרינגער איך זאָל קומען צו אייך איידער איהר אַלע צוזאַמען זאָלט איצט זיך שלעפּען איבער נעווסקי... אין אַ שטונדע ארום וועל איך זיין ביי אייך! איך מאַך פאַרטיג דעקרעטען וועגען איבערנעהמען די מאַכט און צו די פּויערען... היינט מוזען זיי באַשטעטיגט ווערען און ארויסגעהן! אהאַ! מ'האָט געבראַכט אַ דרוקעריי אין „סאָוועט". גוט! איילט זיך! צום ווידערזעהן... (לעגט אַוועק דעם טעלעפאָן און קלייבט זיך נעהמען ארבייטען. טיף פאַר־טראַכט. שטעלט זיך אויף, געהט זיך דורך. פּלוצלונג ביי די ארייננאַנגס־טירען ווערט אַ טומעל.)

אַ ש ט י מ ע א ו נ ט ע ר ד ע ר ס צ ע־נ ע: אַ דעלעגאַציע פון קראָנשטאַט! מיר מוזען ארייננעהן!...

ס אָ ל ד א ט (פּראָטעסטירט): מען קען נישט! אהער קען קיינער נישט ארייננעהן! דער חבר סעל רעטער נעהמט־אויף אונטען!

(די טיר געשטופּט פון אַ דרויסענדיגע קראַפט מאַכט זיך אויף.)

סאָלדאַט (פאַרטיידיגט מיט כח דעם אריינגאַנג): מ'טאָר נישט! מ'טאָר נישט! איך וועל אייך מיט'ן באַיאָנעט אַפּשטויסען! (שטעלט פאָראויס דעם באַיאָנעט.)

מאַקסים (שטרענג): וואָס איז דאָרט? שטילער!...

סאָלדאַט (פאַרקלאַפּט דאָך די טיר): אַ דעלעגאַציע פון קראָנשטאַט איז אַזוי איינגעשפּאַרט!...

מאַקסים: זייט איהר בלויז איינער אויף קאַראַול? איז דאָרטען אונטען פון אייך מעהר קיינער נישטאָ? וואָס באַדייט עס?

סאָלדאַט: איך ווייס נישט!.... איך ווייס נישט!... ס'איז געווען עטליכע צעהנדליג, זיי זיינען זיך מסתמא פאַנאַנדערגעגאַנגען...

מאַקסים (אויפגעקאָכט, טעלעפאָנירט מיט'ן הויז אַפּאַראַט): חבר קאַלענין, זייט איהר נישטאָ דאָרטען? פאַ־וואָס לאָזט איהר אויבען אַרויף מענשען? ... פאַרהאַלט אַלעמען אָהן אויסנאַהם! ... איך וויל אַבסאָלוט קיינעם נישט זעהן... וואָס? ... אַ דעלעגאַציע פון קראָנשטאַט? ... פון וואַנען ווייסען זיי, אַז איך געפין זיך דאָ? ... איהר האָט זיי באַשטעטיגט, אַז איך בין דאָ... אהאַ... יע... אַזוי... איז עפּעס אַנדעריש... איך נעהם זיי אויף... אָבער מעהר בין איך פאַר קיינעם נישטאָ! ... געדענקט! נאָך וואָך־סאָלדאַטען טעלעפאָנירט אַליין! ... וויפיל ס'איז אייך נויטיג, רופט... אהאַ! ... אין אַ שטונדע אַרום רופט אַרויס אַן אויטאָמאָביל אין זעקס באַוואָפענטע חברים... איך פאָהר אַרויס... יע... גענוג! ... (לעגט אַוועק די טרובקע. צום סאָלדאַט): לאָזט אַריין די דעלעגאַציע... (דרעהט זיך אום און זעצט זיך אויפ'ן פאָטעל ביים טיש.)

סאָלדאַט (עפענט די טיר): געהט אַריין, חברים! ...

3 טע סצענע.

(עס גײַט אַרײַן לודמילאַ אַנגעטאָן אין סאָלדאַטסקע קלײדער מיט אַ צװײטען חבר װאָלקאָװ.)

לודמילאַ (די רעכטע האַנט אין קעשענע — זאָגט שטיל צו װאָלקאָװ'ן): רופט הויך, ער זאָל אויפהויבען די קאָפּ!...

װאָלקאָװ (מיט אַ פעסטער שטימע): מיר שי־סען צוזאַמען! ... (כאַפּט גיך אַרויס דעם רעװאָלװער — צװײ שאָסען מיט אַמאָל פאַלען אויף פּיאַטאַקאָװ'ען).

פּיאַטאַקאָװ (טאַנצט אָפּ אינסטינקטיװ אין אַ זײַט — די קוילען לויפען פאַרבײַ איהם): פּאַרראַט! כאַפּען די מערדער!

סאָלדאַט בײַ דער טיר אָריענטירט זיך גלײַך און פון הינטען אַרום כאַפּט ער װאָלקאָװ'ען בײַ בײדע הענט — קעמפען צװישען זיך.

װאָלקאָװ (צו לודמילע'ן): שיסט װידער!...

לודמילאַ (ציטערט אינגאַנצען — האַלט דעם רעװאָלװער נישט ריכטיג): גלײַך! גלײַך! ...

פּיאַטאַקאָװ (שפּרינגט צו צו לודמילע'ן, כאַפּט איהר אָן די הענט און דרעהט זײ אויס אויף הינטען): דאָס ביזט... משוגענע... (דײסט איהר אַרויס דעם רע־װאָלװער און װאַרפט איהם אויפ'ן טיש).

די שיסערײַ און געשרײַ פון די סאָלדאַטען ברענגט עטליכע חברים — אַ צוזאַמענלויף בײַ דער טיר.

סאָלדאַט: חברים, אַן אָנפאַל אויף פּיאַטאַ־קאָװ'ען! ... אַ ביטרער מאָרד...

עטליכע חברים װאַרפען זיך אויף װאָלקאָװ'ן, בינדען איהם און װאַרפען איהם אויף דער ערד... עטליכע כאַפּען לודמילע'ן און בינדען איהר די הענט.

אײנער פון די אָנגעקומענע סאָל־דאַטען: דערשיסען זײ אויפ'ן אָרט! ... (צו פּיא־טאַקאָװ'ען) נישט ריכטיג?

פּיאַטאַקאָװ (קוקט טרויעריג אויף לודמילע'ן, אויפ'ן קעמפענדען װאָלקאָװ און שװײַגט).

די סאָלדאַטען (צוזאַמען): דערשיסען! ־ערשיסען! ... (נעהמען אַרויס די רעװאָלװערען).

די סאַלדאַטען פון דער וואַך: אַרויס!ואַרפען לעבעדיג דורכ׳ן פענסטער! אַ לופט־רייזע פון 4טען פלאָר וועט זיי גוט שמעקען!

די סאַלדאַטען: אַ גוטער איינפאַל!...

פּיאַטאַקאָוו (דראָהענד): איהר זאָלט זיך נישט דערוועגען — בינדען און אָפּפיהרען קיין פּעטראָפּאַוולאָווקע!... שוין! לעבעדיגערהייט אָפּפיהרען, געדענקט!... אויף פּערזענליכער פאַראַנטוואָרטליכקייט!...

סאָלדאַט (פון דער וואַך): דאָס קען איך אייך חבר נישט גאַראַנטירען!... די סאָלדאַטען וועלען זיי אויף שטיקער צורייסען!...

וואָלקאָוו (מרוקעט): אויסגעצייכענטע דיקטאַטאָרען... באַפעהל אונז גלייך צו דערשיסען!... וועלען מיר אויסמיידען דאָס ווילדעווען פון צעיושעטען המון!...

איינער פון די סאָלדאַטען (גיט איהם אַ קלאַפּ מיט דער קאָלבע): שוייג... ער וועט נאָך מיט זיך באַלעבאַטעווען!

פּיאַטאַקאָוו (טרוקען): לאָזט זיי דאָ געבונדענע — (די סאָלדאַטען קוקען זיך איבער פאַרוואונדערט). נו! יע! בינדט זיי און לאָזט זיי דאָרט אין ווינקעל!... איך וויל זיי האָבען אויפ׳ן אויג!... איך וועל זיי אַליין אויספאָרשען! (גיט ער צו).

די סאָלדאַטען (דעם געבונדענעם וואָלקאָוו וואַרפען זיי אין ווינקעל פון צימער, נעהמען זיך צו לודמילע׳ן. אָבער זי ווייזט ניט ארויס קיין צייכען פון לעבען): אַ! אַ!.... דער האָט גע׳חלש׳ט פון שרעק! אַך!... דאָס איז אַ פרוי! פון באַטאַליאָן! ניין! דאָס איז דאָך גאָר לודמילא אַלעקסאַנדראָוונאַ! וואָס זאָל מען מיט איהר טאָן?...

פּיאַטאַקאָוו: זעצט איהר אויפ׳ן שטוהל! מ׳דאַרף איהר ברענגען צום באַוואוסטזיין!... (געהט אַרום דענערוווירט). אַ נאַרישע געשיכטע!... מישוגענער פאַנאַטיזם!

(איינער פון די סאָלדאַטען ברענגט וואַסער און שפּריצט אויף לודמילע׳ן).

לודמילא (עפענט די אויגען און פאַרשטעהט מאָמענטאַל די גאַנצע סיטואַציע... רייסט זיך און שרייט): ארויסגעוואָרפען אייער ענערגיע!... איהר וועט מיר באַזיגען; איהר וועט נישט באַזיגען קיין מיליאָנען... (צו פּיאַטאַקאָוו׳ן) מיין שאָם האָט נישט באַפרייט דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד פון אַ טיראַן, פון אַ פאַרברעכער!! וועלען זיך געפינען אנדערע, גליקליכערע...

די סאָלדאַטען (וואַרפען איהר אום אויפ׳ן שטוהל): שווייג! שווייג!... (צו פּיאַטאַקאָוו) חבר ס׳איז אַ קינדעריי נישט צו באַשטראָפען אַזאַ געמיינהייט!...

לודמילא (צו די סאָלדאטען): חברים! מאַכט חוזק פאַר מיין פיל יעהריגער ארבייט און קאַמף פאַר אייער זאַך!...

פּיאַטאַקאָוו (קאַלט): בינדט איהר צו פעסט צום שטוהל און לאָזט איהר איבער!... רוקט ווייטער... דאָרט צום פענסטער! גיעהט ארויס שנעלער!... שטערט נישט מעהר!... וועגען דער נאַרישער געשיכטע זאָל צו קיינעם קיין וואָרט נישט דערצעהלט ווערען! נישט מאַכען קיין טומעל!... חבר! (צום סאָלדאט אויף דער וואַך) מעהר קיינעם ניט אריינלאָזען! (צו די אַנדערע) פאַרשטאַרקען די וואַך — זאָלען צוויי שטעהן פון דער צווייטער זייט פון טיר!... איך נויטיג זיך אומבאַדינגט אין אַ רוהיגע מינוט!

די סאָלדאַטען ערפילען פּינקטליך דעם באַפעהל — לודמילא צוגעבונדען מיט שטריק און פּאַסקעס צו דער שטוהל און אַוועקגעשטעלט — איינער בלייבט אויף דער וואַך.

פּיאַטאַקאָוו (שפּאַצירט דורך עטליכע מאָל דעם צימער — טרינקט אַ גלאָז וואַסער — באַנוצט זיך מיט דער שטאַרקסטער גייסטיגער אָנשטרענגונג, כדי זיך צו האַלטען רוהיג — זעצט זיך ווידער צום שרייב־טיש און נעהמט אַרבייטען... שרייבט שנעל... צייטענווייז רייסט

ער איבער און רויכערט איין פּאַפּיראָס נאָכ'ן צווייטען).

לודמילא (אויפ'ן קול צו וואָלקאָוו): חבר!... רעדט מיט איהם! ביי גאָט! דערצעהלט איהם פון די בערג געה'רג'עטע פרויען אויפ'ן פלאַץ פאַר'ן פאַרלאַז!... דערצעהלט איהם, ווי זיין משוגעת אין פאַרברעכען האָט באַדעקט די הויפּט שטאָדט, גאַנץ רוסלאַנד, דאָס גאַנצע דעמאָקראַטישע אייראָפּא מיט א שלייער פון טויט און טרויער!... זאָגט איהם, אַז אַנצינדענדיג א פאַרניכטענדען פייער פון א בירגער־קריג איבער רוסלאַנד האָט ער געראַטעוועט די פיינד פון דער מענשהייט... אַז ער האָט פאַרניכטעט די לעצטע מעגליכקייטען פון נאַציאָנאַלע פאַרטיידיגונג. זאָגט איהם, אַז ער אַרבייט דאָ אין א רוהיגער באַהעלטעניש צו פאַראומגליקען רוסלאַנד, און דאָרט! דאָרט!... אויף דעם ריזיגען שטח פון אונזער אומגליקליך פאָטערלאַנד ראַנגעלט זיך דער גייסט פון יונגען רוסלאַנד... אַז ער פיהרט אַן איבערמענשליכען קאַמף, צו בייקומען דעם שווערען געבורט פון די ריזיגע אויפגאַבען, נישט אַוועקפאַלען אונטער די שוועריגקייטען, וואָס האָט צוגעגרייט די שווארצע, פאַרברעכערישע פאַרגאַנגענהייט און קריגערישע געגענווארט!... זאָג איהם!

פיאָטאָקאָוו (קלאַפּט פעסט אין טיש): שווייג! קיין איין וואָרט מעהר! פיהר מיר ניט ארויס פון געדולד... אַז נישט... (הויבט זיך אויף ווילד... ענערגיש און דערנעהנט זיך צו איהר.) אַז נישט וועל איך דיר דעם קאָפּ אָן ברויק צושפּאַלטען!...

לודמילא (אין א פאַנאַטישער עקזאַלטאַציע): איך בעט דיר טאַקע... דאָס איז דער איינציגער אויסוועג פאַר אונז ביידע...

(מעסטען זיך אָפּ מיט די בליקען, א לאַנגער מאָמענט פון שווייגען.)

פיאָטאָקאָוו (פלוצלונג צום סאָלדאַט אויף דער וואַך): געהט אַרויס, חבר, אויף א ווייל און קומט נישט צוריק ביז איך וועל אייך רופען!

(דער סאָלדאַט געהט פאַרוואונדערט אַרויס.)

(לודמילא דרעהט זיך אומרוהיג — האַלט די אויגען אויף פּיאַטאַקאָוו׳ן וועלכער שפּרייזט איבער׳ן צימער טיף פאַרטראַכט — קלערט איבער א פראַגע וואָס איז שווער צו ענטשיידען — קערט זיך ענדליך אום און מיט אַ באַרוהיגטען טאָן רעדט ער צו לודמילע׳ן.)

פּיאַטאַקאָוו: לודמילא! ... האָסט מיר אמאָל געליבט... געקענט מיר ביז׳ן גרונד! ... האָסט געקענט לעזען אין מיין נשמה!... שפּעטער... בינסטו נישט קוקענדיג אויף אַלץ... מיר אַנגעגנעהם געווען... האָסט איינמאָל געהאַנדעלט ווי אן אמת׳ער מענש — האָסט מיר געראַטעוועט די ווייב — א פרוי, וועלכע האָסט נישט געגליכען! .. דאָס אַלץ לעבט אין מיין זכרון... איך וויים, אַז דיין „אמת" הייסט דיר מיר האַסען... באַקעמפּען, דערשלאָגען... און דאָס פאַרשטעה איך.... און פיהל צו דיר גאַרנישט — נאָכדעם, וואָס איז היינט געשעהן — אויסער אַכטונג !... (דרעהט זיך אַביסעל אום צו וואָלקאָוו׳ן). איך אַכטע אייך — ווי אַ געגנער ! ...

וואָלקאָוו (בייסיג): ס׳איז איבעריג... לצנות ! ...

פּיאַטאַקאָוו (קערט זיך אָפּ גראָב פון איהם און רעדט שטיל צו לודמילע׳ן שטעהענדיג לעבען איהר): און איצט האָבענדיג דיר אין מיין רשות — בעט איך דיר, באַשווער איך דיר, גיב זיך די מיה און חשק צו פאַרשטעהן מיין שטאַנדפּונקט — דערהויב זיך צו דער ריזיגער ארבייט וואָס איך האָב אָנגעפאַנגען... איך וועל דיר מיט קיין אַרגומענטען נישט איבערצייגען, פאַרבלענדעט דורך טעאָריע מאַכט דיר אוממעגליך צו באַגרייפען דעם ריזיגען בנין, וואָס בויט זיך ! ... אָבער מיט׳ן געפיהל — מיט׳ן פרויען אינסטינקט — אָט די געטליכע אינטואיציע, אָט דער רוח הקודש וואָס דרימעלט אין אייך — ווער נאָהענט צו מיר ! ... ווער מיר א חבר אין דער שטונדע ! ... גיב מיר די האַנט ! ... שטעה לעבען מיר... לודמילא ! דיר רעכט-אויף דער שרעקליכער כאַאָס פון אַ בירגערקריג, די רואינע פון אונזער אָרימער קולטור ! ... דאָס

לויז ווערן פון דער פּאַקס־סטיכיע... אָבער גרויסע שרעקליכע שטורמס זיינען אומפּארמיידליך און האָבען אין זייער ריזיגער צושטערונגס־ארבייט גרויס באשאפונגס־קראפט. זשאלעוועט דאָך נישט די אלטע וועלט קיין קרבנות, רואין — זשאלעוועט נישט אפילו קיין בלוט, אויך נישט קיין מיליאָנען — פארניכטעט זי דאָך אָהן רחמנות דורות אָנגעזאמעלטע קולטור, אבי צו דערגרייכען איהרע פארברעכערישע צילען... און מיר... מיר פארניכטען בלויז דאָס וואָס מ׳דארף פארניכטען: מיר צושטערען, כדי אויפצובויען שעהנערס, בעסערס, עהרליכעס; מיר וועלען צורויבען דאָס, וואָס איז אוועקגענומען געוואָרען מיט געוואלד, דורך פארברעכערישער עקספּלואטאציע און אונטערדריקונג, דורך דורות פון קנעכטשאפט און עוולות. לודמילא... וואך־אויף! גלויב אין מיר... אין דעם דעצידירענדען מאָמענט... ווען דער קאמף פלאקערט... ווען דאָרט שיילט זיך אויס א יונגע קראפט אפשר גאאיוועס, רויהעס, ווילדעס, אפילו ווי דו פארשטעהסט עס, אָבער ריזיג מיט איהר וועלט־יוגענדליכקייט! געגען דער ראפינירטער — געזעצטער — אויסגעצייכענט אָרגאניזירטע, אָבער פארברעכערישע קראפט פון דער אלטער פארהייליגטער אָרדנונג! פארשטעהסטו ניט דעם צושטאנד פון מיין נשמה אין דער מינוט?.. ווי איך האָס די העסליכקייטען פון דער וועלט!!... די איינגעווארצעלטע לעבענס פארמען... ווען איך וואָלט געקענט מיט איין פויסט־קלאפּ צושטערען דעם מולך וואָס פרעסט־אויף די ליידען פון מיליאָנען. אָט די שרעקליכע ראָד פון פארהייליגטער שלעכטס באגראָבט אלץ ארום זיך!... מוז איך— וויל איך זיך שטעלען אנטקעגען די דרעהענדע ראָד! מוז איהר ארויסשטופען פון דער ליניע... מוז מיט א טיטאנישען כח פארהאלטען דעם פאטאלען־פארברעכערישען גאנג, וואָס האלט זיך אויף טייוועלשע יסודות!... איך מוז דעם גאנג געבען א צווייטע ריכטונג — ביז׳ן גרונד איבערמאכען די נשמה פון דער וועלט — ארויסרייסען דאָס קראנקע, פּאַרדאַר־

טע, צוגעפוילטע.... אויסברענען די שמערצען אפילו מיט וועהטאָג, מיט בלוט... אבי עס זאָל געבוירען ווערען אַ ריינע, אַן אַנדערע, אַ געטליכע, אַ שטראה־לענדע, מיט אַ פארבלענדענדער נאַקעטקייט! לוד־מילא! איך... (רייסט פלוצלונג איבער. געהט הין און צוריק און מיט אַ שטילע שטימע רעדט ער ווייטער.) מיר איז שרעקליך שווער, וואָס דו ביסט פון מיר אוועק... איך פאַרעהר דיר טיף... איך האָב געדענקט, אַז איך וועל דיר קענען זעהר לייכט באַזייטיגען פון מיין וועג, ווי אַנדערע, וואָס באַשווערען מיר, אָדער וואָס ווילען מיט מיר קעמפען... דערווייל איז אַנ־דערש... איך לייד שטאַרק, וואָס דו האָסט זיך גע־שטעלט נעגען מיר... וואָס דו טיילסט זיך נישט מיט מיינע שווערינקייטען, מיט מיין איצטיגען לעבען...

(מיט פאַרביסענע ציין הערט לודמילע די לאַנגע רידוי פון מאַקסימען. וואָס ס'איז פאַרגעקומען אין איהר אַנגעווֹועהטאָגטער נשמה, געמוטשעט פון יעדען הייסען אַרויסגעזאָגטען וואָרט, קען מען געוויסערמאַסען דער־קענען אויף איהר פנים. עטליכע מאָל האָט זי געוואָלט איבעררייסען, אָבער די ווערטער האָבען נישט געוואָלט פון האַלז אַרויסגעהן. בלויז די ליפען האָבען נערוועז געציטערט.)

לודמילא (מיט אַ פאַרשטיקט קול): טיילען זיך מיט דיין אַרבייט, מיט דיין לעבען?! און זאַ־פיא? און די ווייב?...

פּיאַטאַקאָוו (נישט אַנגענעהם געטראָפען, ווישט זיך מיט דער האַנד דעם שטערען): ליידער קען איך נישט זאָגען קיין ליגען... דו ווייסט עס... זאָפיא... אַט די טויב... אַט דער שמייכעל פון מיין לעבען... איז עפּעס אַנדערש! דאָס איז אַזאַ וואונדערליכע בלום, וואָס איז אויסגעוואַקסען אויף די פאַרשטיי־נערטע הויכקייטען פון מיין האַרטער נשמה! (שנעל) אָבער דו דאַרפסט עס אויך פיהלען! זאָפיא?... צי די קליינע קען איך מיט זיך מיטנעהמען אין שרעקליכען, טייוועלשען שטורם פון קאַמף, שחיטות, זעלבסטנעריכטען?... ניין, לודמילא! זאָפיא מיט

אונזער קליינע בלאָנדע מאַיאַ וועלען לעבען אין אַ רוהיגען ווינקעל, ביים שעהנעם דרום'דיגען ים — צווישען בלומען, זון, שאַפּענס־מעלאָדיעס און יונ־לען חלום'ען וועגען גרויסען פּאָטער־מאַן, וועלכער פיהרט, ווי דער לעגענדאַרישער מאַצאַרזש, טיטאַ־נישע קאַמפּען. לודמילא! אָבער מיר, מענשען פון איין מאַטעריאַל... דיזעלבע אומשטענדען האָבען אונז אויסגעקנאָטען! אונזערע נשמות זיינען שטאַר־קע, האַרטע, אומבאַדינגט־פּראָסטע, געוועהנליכע — און צייטענווייז אפילו בייזע... מיר מוזען זיך פאַר־שטעהן, געהן צוזאַמען, איינער לעבען צווייטען!... לודמילא! צי ווייסטו... אַז היינט, אין דער מינוט, וואָלט איך געקניט פאַר דיר — די פיס וואָלט איך דיר געקושט... די האַנד... די האַנד, וואָס האָט אָהן וואַקלענישען זיך פאַרמאָסטען אריינצושיסען אין מיין שאַרבען... איך וואָלט איהר נאָס געמאַכט מיט הייסע טרערען, ברידערליכע ליבע... אַבי צו געווינען דיר פאַר אַ חבר'טע... אַן איבערגעבענעם פריינד...

(לודמילא מאַכט צו די אויגען. פון איהרע אויגען רינען גרויסע טרערען...)

(פּיאַטאַקאָוו מיט אַ שנעלע באַוועגונג דערווייטערט זיך פון איהר; ווייל אויך איהם שטיקען די טרערען.)

(אַ לאַנגע פּויזע, שטיל. אַלע דריי שווייגען. פון צייט צו צייט הערט זיך דורכ'ן אָפענעם פענסטער ווייטע שאָסען. אַ באַקאַנטע קלאַפּעריי פון קולעמיאָטען. אַן אויסערגעוועהנליכע פּייפעריי.)

לודמילא (שטיל): מאַקסים! נעהמט פון מיר אַראָפּ די קייטען!... זיי מוטשען מיר...

פּיאַטאַקאָוו (צורייסט מיט כח די שטריק־פּאָסען): ענטשולדיגט!... פאַרצייהט מיר!... איך האָב אייך אַנדערש נישט געקענט ראַטעווען פון דער נקמה פון די סאָלדאַטען... זייט מיר מוחל!...

לודמילא (אַ פּויזע, עטעמט אָפּ): אַ דאַנק אייך... אַרבייט, איהר האָט דאָך געזאָגט, אַז איהר מוזט ענדיגען... איך וויל בלייבען אליין מיט מיינע געדאַנקען...

פיאטאקאוו: גוט! ביטע זעהר... פאקטיש (קוקט אויפ'ן זייגער.) האָב איך נישט מעהר קיין צייט ווי א האלבע שטונדע... וועל ענדיגען... איך בעט אייך... (געהט צו דעם שרייב־טיש, דערמאָנט זיך פלוצלונג און ווענדעט זיך צו וואָלקאָוועו.) אויך אייך מאטערען געווים די שטריק?!... (מאַכט אַ באוועגונג ווי ער וויל איהם באפרייען.)

וואָלקאָוו (שנעל): בעסער באמיהט זיך נישט. אין אַ מינוט ארום וועט איהר אויפסנייי מיר ווידער הייסען בינדען; ביי דער ערשטער בעסטער געלעגענהייט וועל איך אייך צושפּאלטען דעם קאָפּ!...

(פיאטאַקאָוו קעהרט זיך אָהן חשק אָפּ פון איהם און זעצט זיך ביים שרייב־טיש. איז אזוי דענערווירט, אַז ער קען נישט האלטען די פעדער אין האַנד... באהערשט זיך דאָך און שרייבט שנעל. דער טעלעפאָן קלינגט.)

פיאטאקאָוו (נעהמט די טרובקע): ווער?... ניקאָלאיעוו! דער אַנפאַל איז אָפּגעשלאָגען? גוט! אַ סך קרבנות!... פארפאלען! וואָס קען מען העל־פען? ס'איז דאָ קלאנגען אַז ביים „סאָוועט" קליי־בען זיך צונויף באוואָפענטע גרופּען געגען אונז... שיקט שטארקע אָפּטיילונגען פון מיליטער און מאַט־ראָסען... איך וועל אין „סאָוועט" זיין אין אַ שטונ־דע... געפעהרליך דורכצופאָהרען נעווסקי?... נאַ־רישקייטען... אומעדום איז דיזעלבע נישט זיכער־קייט... ארבייט ענערגיש און ענטשלאָסען... דער „סאָוועט" זאָל גלייך באזעצט ווערען. אפשר וועט זיך איינגעבען צו צוטרייבען דעם עולם אָהן בלוט־פארגיסונג!... טעלעפאָנירט אין „סאָוועט". (לעגט אַוועק די טרובקע.)

לודמילא (דערנעהנט זיך לאַנגזאַם צום טיש און רעדט שוואַך, ווי די ווערטער וואָלטען שווער ארויס־געהן פון איהר האַלז): אויב עס האָט שוין יאָ אזוי פּאַסירט... אויב מיט אַזאַ ענטשלאָסענעם ווילען ווילט איהר אין אייערע הענד נעהמען רוסלאַנד'ס גורל און די רעוואָלוציע וועל איך אייך מעהר נישט שטערען...

פּ י אַ ט אַ ק אָ ו ו (דערפרעהט. הויבט זיך אויף): ווי מיר פרעהט עס!... ווי מיר פרעהט עס!... דער ערשטער ליכטיגער מאָמענט אין דעם היינטיגען קאַמפּס־טאָג...

ל ו ד מ י ל א (שטיל): באלעבאַטעוועט מיט מיין פּערזאָן!... איך וויל מיט אייך מיטארבייטען... אבי דער שרעקליכער קריזיס... די שחיטה... זאָל זיך ענדליך ענדיגען...

פּ י אַ ט אַ ק אָ ו ו (דערלאַנגט איהר ביידע הענד): איך באגרים אייך מיט'ן גאַנצען הארצען אין מיינע רייהען! ווירקט אויף די עסערען — זאָלען זיי אריינגעהן אין דער רעגירונג... מיר ווענלען ארבייטען שנעל, ענטשלאָסען, אבסאָלוט. אָהן קיינע קאָמ־פּראָמיסען, אָהן קיינע וואקלענישען געהען מיר צום ציל. לייענט די דעקרעטען...

ל ו ד מ י ל א: אָבער טעראָר מוז אויסגעשטראָ־כען ווערען פון אונזער פּאָליטישער ליניע? (מיט אַ געוואַלדיגען אומעט.) באפריי דאָס אומגליקליך לאַנד פון די בלוטיגע דערדריקונגען, נעהם אמאָל אראָפּ פון דער רוסישער נשמה דעם שטעמפּעל פון געוואלדי, חיה'שקייט... האלט אָפּ מיט דיין שטאַרקען ווילען יעדען מאָרד, רויבעריי... עס וועט דאָך אין דעם גיהנום אונמעגליך זיין עפּעס צו דערגרייכען...

פּ י אַ ט אַ ק אָ ו ו (זיין פּנים ווערט מיט יעדען וואָרט טרויעריגער): באווייזענדיג די טרויעריגע בילד פון אונפארמיידליכע ליידען און שמערצען, וואָס צורייסט אויף מיין נשמה, פארגעסטו, אז מיט אַ מינוט פריהער האָסטו זעלבסט מיט אייגענע הענד געוואָלט באגעהן אַ מאָרד... איך קען מיט מיין שטאַרקען ווילען נעהמען די פיהרונג פון לאַנד, קען געבען אַזאַ ריכטונג, וואָס וועט לויט מיין מיינונג ברענגען די באַפרייאונג אין דער צוקונפט. איך קען אָבער גלייך נישט ענדער־ען די מענשליכע נאַ־טור!... איך קען איבערנעהמען די אָנפיהרונג, הער־שען און שאַפען באַדינגונגען, און באדינגונגען וועלען מיט דער צייט אויסארבייטען מענשען...

לודמילא (שטיל): יע, האָסט רעכט... איך האָב זיך ענטשלאָסען, וואָס אונז זאָל נישט ערוואַר־טע׳, וועל איך מיט דיר געהן. (דערלאַנגט איהם די האַנד און זאָגט מיט אַ געוואַלדיגען אומעט.) ווי שרעק־ליך טראַגיש איז אונזער פאַרבאַנד!... מיר גיבען זיך די הענד צווישען בערג נע׳הרג׳עטע נאָך נישט באַגראָבענע, און אפילו...

פּיאַטאַקאָוו: און אפילו איבער מיין טויט, וועלכען האָסט באַשטימט. (קוקט איהר טיף אין די אויגען.) און ווען דיין שאָס וואָלט נישט קיין טעות געהאַט?...

לודמילא (בלאַס): איך וואָלט געווים משוגע געוואָרען!... אָדער אַ צווייטע — דאָ — אויפ׳ן אָרט וואָלט איך זיך אין האַרצען אריינגעשאָסען...

פּיאַטאַקאָו (נעהמט געריהרט איהר האַנד און קושט לאַנג).

לודמילא (רייסט ארויס די האַנד): אַרבייט! מ׳טאָר קיין מינוט נישט פאַרלירען. מ׳דאַרף צו־נויפרופען אַ זיצונג פון די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנע־רען... און אפשר אויך פון אַנדערע סאָציאַליסטישע פאַרטייען; מיר וועלען ברענגען צו אַ פאַרשטענ־דיגונג צווישען אַלע סאָציאַליסטישע ריכטונגען... וועלען שאַפען אַ שטאַרקע רעגירונג. (פייערליך.) שרייבט, איך וועל פאָהרען מיט אייך, איבעררעדען מיט אַלע פראַקציעס. צוליב דעם געשעהענעם פאַקט וועט מען זיכער קענען געפינען אַן אַלגעמיינע פּלאַט־פאָרם... ערלויבט איהר?... איך וועל טעלעפאָנירען צו די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערען!... (געהט צו צום טעלעפאָן.)

פּיאַטאַקאָוו (פרייגדליך): ביטע זעהר... (אין דער מינוט קלינגט דער טעלעפאָן.)

לודמילא (נעהמט די טרובקע): ווער איז?... איז דאָ דער סמאָלני אינסטיטוט? ווער איז?... פּיאַטאַקאָוו? אָבער וועגען וואָס? וואָס?... ווער איז?... (לאָזט־אָפּ די טרובקע און קוקט אומבאַוועגליך אויף מאַקסימען.)

מאקסים (באמערקט דעם אײַנדרוק אויף לוד־מילען): װער רעדט עס?... װאָס האָט פּאַסירט?...
(נעהמט פון איהר האַנד ארויס די טרובקע.)

לודמילא (אינסטינקטיװו אונרוהיג, שטיל, נישט דייטליך): אייער פרוי איז געקומען... זי זוכט איַיך...
(פאַרברעכט די הענד, שטעהט צומישט.)

פּיאַטאַקאָװו (קלינגט שטאַרק): װער האָט נערעדט? איך?... יע!... (אין טעלעפאָן.) פון װאַ־נען? פּאַרװאָס?... איך האָב דיר אזוי געבעטען... דו זאָלסט װאַרטען אויף מיינע א ידיעה... (ביס־לאכװייז װערט ביי איהם די שטימע װייכער.) א... װייסט װעגען דעם... אָבער קיין ערנסטעס... האָבען טעלעפאָנירט... א קלאַנג איז זיך צוגאַנגען... ניין... נו, הערסט דאָך טייערע, אַז איך רעד און נישט מיין גייסט... (לאַכט.) ניין, ניין... איך בין פאָלשטענדיג געזונד, נאָר שרעקליך פארנומען... בלייב דאָרטען. גוט... איך װעל באַלד קומען. אין א האַלבע שטונדע, אפשר נאָך פריהער װעל איך דאָרטען זיין!... זאָל דיר גאָלדבלום גוט אייַנאָרדנען... צום װידערזעהן! װאָס? א שרעקליכע שיסעריי?!... מיר פאָהרען מיט א שטאַרקען עסקאַדראָן — באַװאָפענט... האָב נישט מורא, טייערע, ס'װעט מיר גאָרנישט געשעהן...
(לעגט אָפּ די טרובקע און אַביסעל צומישט װענדעט ער זיך צו לודמילען.) דאָס איז א קינד... מ'װעט איהר דאַרפען װאָס שנעלער אװעקשיקען פון רוסלאַנד... זי איז געװען אין טעריאָקע — האָט מען איהר געזאָגט, אַז דאָ איז אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד, אַז איך בין גע'הרג'עט געװאָרען... איז זי געקומען... גוט, װאָס זי איז נאָך גליקליך געקומען אין „סאָ־װעט". דאָרט יעדענפאַלס איז זיכער!...

לודמילא (האַרט): איך דענק נישט אזוי; דוקא דער „סאָװעט" קען זיין א פּלאַץ פאַר די פאַר־ביסענסטע קאַמפען... מ'זוכט אייך דאָרטען — אַלע זיינען זיכער, אַז איהר זייט דאָרטען...

פּיאַטאַקאָװו (אונרוהיג): איז אפשר בע־סער, זי זאָל אַהער קומען — כל זמן מ'קען.

לודמילא (קאַלט): ווי מיינט איהר? פּאָק־טיש איז היינט אומעדום גלייך... (ווערט אנטשוויגען און שפּרייזט איבער׳ן צימער, טיף פארטראכט.)

פּיאטאקאָוו (שרייבט, ווארפט גלייכצייטיג צו): איהר האָט דאָך געוואָלט טעלעפאָנירען צו די סאָציאל־רעוואָלוציאָנערען?... אפשר וואָלט זיך אייִנגעגעבען איבערצורייסען דעם קאַמף? שליסען פרידען אויף עטליכע שטונדען — וואָלטען מיר צו־נויפגערופען א זיצונג פון גאַנצען „סאָוועט". אָן אונזין אייער ווייטערדיגע געגנערשאַפט!...

לודמילא (ענטפערט איהם נישט. ענדליך געהט זי צו צו וואָלקאָוו׳ען און פרעגט שאַרף): הערט... איהר זייט געווען אַן עדות פון מיין געשפּרעך מיט פּיאטאקאָוו׳ען. אויסער די טיילען פון אונזערע פערזענליכע ענינים — האָט איהר געקענט אָפּשאַ־צען די מאָטיווען און די הויפּט־פּונקטען פון אונזער געגנער! ווי מיינט איהר, איז מעגליך מיט איהם זיך צו פארשטענדיגען?... און איבעררייסען דעם קאַמף?...

וואָלקאָוו (קוקט אויף איהר פּינסטער, שווייגט.)

לודמילא (איבערצייגענד): חבר!... די סי־טואציע איז אזוי שרעקליך... אזוי פיל קרבנות... אזוי פיל מענשליך בלוט... מיר מוזען געהן אויף א קאָמפּראָמיס... און אפשר וועט זיך אייִנגעבען צו באשאפען א שטארקע סאָציאליסטישע רעגירונג?... און ארויסגעהן פון דעם כאָאָס אויף אַן ענטשלאָ־סענעם וועג?... זיי רייסען זיך אזוי צו דער מאכט! גוט!... זאָלען זיי הערשען!... און אפשר... אפשר... באטראכט זיך!...

וואָלקאָוו (פּינסטער): אלע־פאלס, פּרובירט, אויב אייערע איבערצייגונגען ערלויבען אייך אויף דעם... איך וועל דער מאראט־קאריקאטור... (קוקט מיט פאראכטונג אויף פּיאטאַקאָוו׳ן) אלץ איינס ארייִנ־פּאקען א קויל אין קאָפּ...

לודמילא (גלייכגילטיג): הע... איהר ענט־שיידעט שטענדיג א פראגע פאנאטיש... (ענטשלאָסען

געהט זי צו צום טעלעפאָן.) נומער 20־111. צענטראַל קאָמיטעט פון סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערען... ווער איז דיזשורנע?... איך, לודמילא אַלעקסאַנדראָוונאַ... מ׳דאַרף שוין צונויפרופען אַ זיצונג... אַרומרעדען די באַשאַפענע סיטואַציע... פּיאַטאַקאָוו׳ס נצחון איז אַ זיכערער... מ׳דאַרף זיך מיט דעם רעכענען. וואָס אַזעלכעס? אָבער, ביי גאָט!... מ׳דאַרף שטערען... שוין... טוט אַלץ... נישט דערלאָזען קיין ווייטערדיגע בלוט־פאַרגיסונג... צום בעסטען שיקט אַרוים פאַר־לאַמענטאַרען — צו שליסען אַ וואָפענשטילשטאַנד אויף עטליכע שטונדען. מיר וועלען צונויפרופען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע פראַקציעס... וואָס? וואָס פאַר אַ קלאַנג... אַ! ניין, נישט אמת!... ער לעבט... דער אָנפאַל (איהר שטימע ציטערט.) דער אָנפאַל האָט זיך נישט איינגעגעבען... ער לעבט... איך וויים זיכער?... פון וואַנען איך רעד?... פון דער היים... גוט! רופט אויף 11 אַזייגער. איך וועל זיכער קומען פּינקטליך... (לעגט אָפּ די טרובקע.)

פּיאַטאַקאָוו (פרעגט גלייכגילטיג): זיינען מסכים אויף וואָפענשטילשטאַנד?...

לודמילא: איך וועל טאָן, וואָס עס וועט נאָר מעגליך זיין... איך וועל צו זיי פאָהרען אַזייגער 11. אויף איינס וועט מעגליך זיין צונויפרופען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג! צוגרייטען אַ רעזאָלוציע...

פּיאַטאַקאָוו: היינט אָוועגד מוז איך אומ־באַדינגט באַשאַפען אַ רעגירונג... נעהמט מיט זיך די דעקרעטען — רעדט זיך דורך ענטגילטיג... אין דער פריה מוז פראָקלאַמירט ווערען דער צוזאַמענ־שטעל פון דער רעגירונג און דעקרעטען צו די פּויערים, סאָלדאַטען און צו דער גאַנצער באַפעלקע־רונג.

לודמילא: איך צווייפעל צי דאָס אַלעס וועט זיך איינגעבען דורכצופיהרען אין עטליכע שטונדען... מען דאַרף דאָך זיך אויף פאַרשטענ־דיגען מיט אַנדערע פראַקציעס... און... וואָפענשטיל־

שטאנד איז נאָך נישט געשלאָסען... בלוט גיסט זיך נאָך...

(דער טעלעפאָן קלינגט.)

פּיאַטאַקאָוו (אין טעלעפאָן): ווער איז... יע, איך!... מען באָמבאַרדירט דעם „סאָוועט"?... גרייפען אָן... אַ שטאַרקע אַטאַקע?... איהר מוזט אויסהאַלטען די אַטאַקע! שוין שיק איך אייך הילף! און זאָפיא... איז באַהאַלטען באַזונדער?... דאָס איז גוט. מיר פרעהט עס. איהר באַקומט זאָפאָרט הילף. (געהט שנעל ארויס פון צימער. דורך דער הויפּט־טיר.)

4 טע סצענע.

וואָלקאָוו: בינדט מיר אויף, חבר'טע...

לודמילא (געהט שנעל צו און וויל איהם אויפ־בינדען): פּאַרפּאַלען! מיר מוזען שלום מאַכען מיט דעם, וואָס האָט פּאַסירט... מ'דאַרף אַלעס מעג־ליכע טאָן, אַבי ארויסגעהן פון דעם בלוטיגען כאָאָס און ארויספיהרען רוסלאַנד... איך — נישט קוקענ־דיג אויף אַלעם — פאַנג אָן צו גלויבען אין מאַק־סימען... אפשר פּאַקטיש... איז ער דער סינטעטישער כח פון דער רעוואָלוציע... (רעדט עס אַלץ שנעל, פּאָ־רענדיג זיך אויפצוקניפּען די שטריק.)

וואָלקאָוו: איהר זייט... צום באַרויערען... אונטער'ן פערזענליכען איינפלוס פון דעם... אוננאָר־מאַלען... מיט אייך איז היינט נישטאָ וואָס צו רע־דען... איך וועל מיט איהם אַנדערש רעדען. מ'דאַרף איינמאָל ענדיגען מיט דעם זויערטייג... (פּלוצלונג פּאַלען אריין צוויי סאָלדאַטען, איינער וואָס איז פריהער געשטאַנען אויף דער וואַך, דער צווייטער אַ נייער.)

דער ערשטער סאָלדאַט: מערזאַוו־צעס!... האָבען זיך אויפגעבונדען. (וואַרפט גלייך אום לודמילען מיט דער קאָלבע פון ביקס און זי פאַלט טויט־ליך אוועק. צו וואָלקאָוו'ען) און דו, היגטישער זוהן! וועסט אויפסניי כיטרע הרג'ענען... (איינער כאַפּט איהם ביי די פיס, דער צווייטער ביים קאָפּ.) פליה און צוברעך דעם קאַרק! (שאָקלען איהם און מיט אימפּעט

וואַרפֿען זיי איהם אַרויס דורכ'ן פֿענסטער. אויף דער סצענע פֿאַלט אַריין מאַקסים און זעהט וואָס עס טוט זיך. כאַפּט ביים האַלז דעם ערשטען סאָלדאַט.)

מאַקסים (שרייט מיט אַ נישט-מענשליכע שטי-מע): ווי האָט איהר געוואַגט? ווער האָט געהיי-סען?... ווי האָט איהר עס געקענט?... חיות!...

דער סאָלדאַט (דערשראָקען): ווייסט, ער אָט דאָך אייך געוואָלט הרג'ענען — ער האָט פֿאַר-דינט אַ ריכטיגע שטראָף...

מאַקסים (צום צווייטען סאָלדאַט): לויף אַראָפּ, רופֿען די „גיכע-הילף"... גלייך איהם ראַטעווען... (לאָזט אָפּ דעם סאָלדאַט, און דער סאָלדאַט געהט אַרויס. מאַקסים רייבט דעם שטערען ווי צומישט און פֿרעגט מיט אַ שרעקליכע שטימע.) און... לודמילאַ?... דער צווייטער אַרעסטירטער?... וואו? וואו? וואו?... (כאַפּט ווידער דעם סאָלדאַט ביים האַלז.)

דער סאָלדאַט: דאָרטען... ליגט... (ווייזט.)

מאַקסים (הויבט-אויף געשווינד לודמילע'ן און שרייט מיט אַן איבערמענשליכער שטימע.) וואַסער! הילף! וואַסער!... זאַפּאָרט!... וואַסער! וויין! (דער צווייטער סאָלדאַט געהט אַרויס; מאַקסים זעצט איהר אויפ'ן פּאָטעל, טאַפּט איהר דעם פּולס און רופֿט מיט אַ שטימע פֿון גרעסטער אונרוהיגקייט און טיפֿסטען גע-פֿיהל.) לודמילאַ!... טייערע!... ליבע!... טייערסטע! לעב! לעב! ליבע!... (כמעט מיט געוויין, קניהענדיג צו איהרע פֿיס. רעדט, קושענדיג איהר.) לעבסט?! גלייך! גלייך! (שרייט.) וואַסער!... (כאַפּט די פֿלאַש מיט וואַסער, באַנעצט איהר די שלייפֿען, גיסט איהר אַריין מיט כח עטליכע טראָפּענס אין מויל.)

לודמילאַ (עפֿענט לאַנגזאַם די אויגען): וואָס איז? ווער איז? אַך!... דאָס זייט איהר!... מאַק-סים! וואָס איז געשעהן?... איך האָב ווידער פֿאַר-לאָרען דעם באַוואוסטזיין... (מיט שוועריגקייט לעגט זי צו די האַנד צום קאָפּ.) וואָס פֿאַר אַ שרעקליכער וועהטאָג!... פֿאַרוואָס אַזאַ שרעקליכער טומעל?... (איהר קאָפּ פֿאַלט אויף הינטען.)

מאקסים (קושט איהר די הענד): לודא! לודא!... וואך אויף... עס איז שוין גארנישט, גאר־נישט... איך בין לעבען דיר... וועל דיר פארטיי־דיגען!... לודא, דערבארים זיך — קוק אויף מיר! וואס איז דיר, טייערע?... האבען זיי דיר פאר־וואונדעט?... וואו טוט דיר וועה?...

לודמילא (וואכט אויף, עפענט די אויגען און קוקט פארוואונדערט ווי זי וואלט גארנישט פארשטאנען): וואו בין איך?... (כאפט זיך ביים קאפ.) אך!... וואס פאר א וועהטאג!... (דערמאנט זיך פלוצלונג.) יע!... יע!... איך געדענק... וואו איז וואלקאוו? האבען זיי איהם נישט דער׳הרג׳עט?... (קוקט זיך אומרוהיג ארום, באמיהט זיך אויפצוהויבען. וואקעלט זיך און פאלט צוריק אויפ׳ן שטול. אונרוהיג.) וואו איז וואל־קאוו? מאקסים!... (מיט א שרעקליכע שטימע.) וואו איז וואלקאוו? זאג!...

מאקסים (אונזיכער): פארוואונדעט... איך האב איהם געהייסען אין שפיטאל אוועקפיהרען...

לודמילא: צוליב וואס? פארוואס? מ׳האט איהם געדארפט דא אויפ׳ן ארט העלפען!... אויפ׳ן וועג וועלען זיי איהם דער׳הרג׳ענען!... צוליב וואס? (מיט פארצווייפלונג.) וואס האט איהר געטאן, מאק־סים?...

דער ערשטער סאלדאט (געהט שנעל אריין. טראגט וואסער אין א קאן, דערלאנגט מאקסימען און זאגט): יענער איז דער׳הרג׳עט... ס׳איז נישט געווען וואס אויפצוקלויבען...

לודמילא (פארשטעהט אלץ און גיט א געשריי): וואלקאוו איז דער׳הרג׳עט!... (פאלט אויפ׳ן פאטעל און בלייבט ווי פארשטיינערט; זיצט אהן באוועגונג, אהן ווערטער; איהרע אויגען עפענען זיך מיט אן אונענד־ליכען וועהטאג... אפגעשוואכט, צומישט, איז זי נישט בכח צו פארשטעהן די גאנצע שרעקליכקייט פון דער לאגע.)

מאקסים (שוויגט א ווייל, ווי א קבר. שטעהט טרויעריג, קוקט אויף איהר. צום סאלדאט): שטעהט

דאָרט אויף דער וואך! קיינעם צו מיר נישט אריינ־
לאָזען!... (סאָלדאט אָפּ. שיסעריי הערט זיך כסדר.)

## 5 טע סצענע.

מאקסים (געהט צו לודמילען): לודא! א
שטורם ווילדעוועט ארום!... מיר מוזען זיך האלטען
געגען אלע פארצווייפלונגען טרערען און וועהטאָ־
גען!... מיר!... מיר!... מוזען זיין ווי די דעמבעם —
איינגעוואקסען טיף אין דער ערד... מיר טאָרען זיך
נישט וואקלען אפילו א מינוט... א צעווילדעוועטע
סטיכיע!... אָבער מיר מוזען איהר באהערשען און
איינצאמען און פיהרען צום ציל!... צו דער ליכ־
טיגער צוקונפט!... נאָך איין קרבן איז געפאלען!...
וואָס קען מען טאָן? אויך מיר קענען יערע מינוט
פאלען... אָבער דאָס אויפוואכענדע פאלק, באגעהענ־
דיג מיליאָנען פעהלערן, מיליאָנען עולות, און אפילו
מערדערייען וועט זיך שאפען א פרייען לעבען!...
„די כמארע וועט נישט פארשטעלען די זון!“ ניין,
נישט פארשטעלען... „כאָטש עס דונערט... כאָטש
ס׳יאָגט דער שטורם פון די מענשליכע תאוה“...
פאר׳ן צוקונפט־מענש איז נישטאָ קיין שטערונגען!
ער שפרייזט פאראוים! צובונטעוועט, דרייסט געהט
ער אויף די קברים פון אלטע פאראורטיילען... ווייי־
טער!... העכער און אלץ העכער!...

לודמילא (עפענט די אויגען און קוקט אין
דער ווייטקייט, הערענדיג אויפמערקזאם מאקסימען.
שטיל): פון וואנען... נעהמסטו... די זיכערקייט, אז
דורך ברודער־בלוט וועסטו קומען צום ציל?... אז
דיר איז ערלויבט צו קריכען אין טייכען פון פאר־
ברעכענס?...

מאקסים: ווייל אין מיין נשמה האָט אויס־
געבראָכען א בונט!... און אויפגעוועקט א געדאנק,
וועלכער קוקט דרייסט, ניכטער דעם אמת אין די
אויגען! — דער בונט איז מיין קראפט!... דער
בונט האָט מיר געמאכט אונבאזיגבאר... נישט די
קליינליכע פארצווייפלונג, נישט דאָס ביטרע איבער־

שרעקען וועט מיר באַזיגען... מיינע הויכע גערדאַנקען פון אַ קעמפּער רייסען זיך דורך די דערנער פון מיינע איינענע פעהלערן — צווישען די חורבות פון די אַלטע אמת'ען!... און שטופּען זיך פאָראויס... ווייטער דורך דעם אָפּגעשטאָרבענעם, אונזיניגען לעבען, וואו אַנדערע ארבייטען אין קנעכטשאַפט און איבער די קרעפטען, כדי די צווייטע זאָלען האָבען צופיל מאַ־טעריעלע גוטס און געניסען פון די גייסטיגע אוצרות! פארשאָלטען זיינען די לעבענס־באַדינגונגען פון דער היינטיגער וועלט... רעכט, פאָראורטיילען, געוואוינ־הייטען, באַגריפען, אפילו צניעות — אַ קלעפּיגע, שאַבלאָנע בלאָטע מיט וואָס דער מענשליכער מח האָט זיך אָנגעשטעקט... דאַריבער... וועל איך דאָס אַלץ צושטערען!... איך וועל באַקעמפען, פאַרניכטען מיט'ן וואָרצעל די שענדליכע מענשליכע אָרימקייט! איך וויל, אַז יעדער איינער פון די מענשען זאָל זיין אַ מענש! און דער פאַרלאַנג — דער ציל — מאַכט מיר אונבאַזיגבאַר! צווייפלונג, נישט־דרייסטקייט, לעכערליכקייט, אָרימקייט, קראַפטלאָזיגקייט זיינען איבערבלייבענישען פון פארגאַנגענעם מענשען. מיין גערדאַנק צווייפעלט נישט, איז זיכער, אַז ס'איז דאָ איין העכסטע קראַפט!... „אַלץ איז דאָ אין מיר, אין מענשען! און אַלץ איז פאַר מיר, פאַר'ן מענ־שען!" דער גערדאַנק קען אַלעס באַשאַפען... און דאָס גיט איהם רעכט אַלעס צו צושטערען, וואָס עס פּענ־טעט איהם!... (ווערט אנטשוויגען. שנעל.) רוה זיך רוהיג אָפּ. איך פאַרענדיג די אַרבעט און מיר ווע־לען גלייך פאָהרען אויף דער זיצונג פון „סאָוועט". (געהט צו צום שרייב־טיש.)

לודמילא (שוואַך): איין פראַגע... וואָלט דיר אויך אַ פּערזענליכער קלאַפּ נישט געקענט צו־ברעכען?... איינבויגען?...

פּיאַטאַקאָוו (נישט קלערענדיג): ניין, קיינ־מאָל נישט!... (אין אַ מיי־ ־ום.) איך קען פאַ־לען אַלס פיזישער קערפּע... בער מיין גערדאַנק ניט אייננעהמען... ווייל שוין היינט כאַפּט ע־

ארום די גאַנצע צעוועהטאָגטע מענשהייט!... (זעצט זיך און שרייבט.)

## 6 טע סצענע.

(לאַנגע פויזע. שטאַרקע שיסעריי. אויף דעם שטאַרקען אָפּקלאַנג פון דער שיסעריי, קלאַמערט אייניגע מאָל לודמילא איין די הענט. מאַכט אַ באַוועגונג צו מאַקסימען, ווי זי וואָלט איהם וועלען עפּעס פרעגען. ענטזאָגט זיך אָבער. אין אַ מינוט ארום הויבט זי זיך קוים אויף, געהט וואַקעלדיג צו צום פענסטער. שט׳לט זיך ביים פענסטער און קוקט אין דער טיפער פינסטער־ניש. פלוצלונג צוגיסען זיך די קירכען־גלאָקען. לוד־מילא הערט זיך איין צו די קלאַנגען. מאַקסים הויבט אויך אויף דעם קאָפּ און הערט זיך צו אַ מינוט. ער נעהמט זיך אָבער גלייך צוריק צו דער ארבייט. מאָ־מענטאַל ווערט ביי דער טיר אַ שטאַרקער טומעל, עס הערען זיך שווערע טריט.)

א שטימע פון סאָלדאט: ווארט צו... וואַרט צו... איך וועל זיך פרעגען! (געהט אריין צומישט.) חבר פּאַרזיצער! מ׳האָט געבראַנגט...

נאָלדבלום (פאַלט אריין און געהט שנעל צו מאַקסימען): אַן אומגליק! מאַקסים... מיר זיינען געפאָהרען צו אייך!... זאָפיא האָט אומבאַדינגט גע־וואָלט... זי האָט נישט געוואָלט איהר זאָלט פאָהרען אין „סאָוועט“!...

מאַקסים (בלאַס): וואָס האָט פּאַסירט? רעדט קלאָר...

גאָלדבלום: זאָפיא איז שווער פאַרוואונ־דעט!...

מאַקסים (שנעל): וואו איז זי?... וואו האָט מען איהר פאַרוואונדעט?... (לויפט צו דער טיר.)

נאָלדבלום: גלייך! גלייך! מ׳טראָגט איהר אהער... מיר זיינען געפאָהרען מיט אַן אויטאָמאָביל...

מאַקסים: אַ דאָקטאָר! זאָפאָרט! אָפּפיהרען אין שפּיטאָל...

גאָלדבלום: איצט פיהרען איז געפעהרליך!

(סאָלדאַטען טראָגען אריין זאָפיען און קוקען זיך ארום, וואו איהר אַוועקצולעגען.)

מאַקסים (מיט היץ): א דאָקטאָר! שוין... אהער! לעגט איהר. (שטעלט שנעל צוזאַמען צוויי גרויסע פאָטעלען, כאַפּט דעם מאַנטעל, לעגט איהם אונ־טער'ן קאָפּ. די סאָלדאַטען לעגען אַוועק זאָפיען.)

מאַקסים (צו גאָלדבלומען): זוכט אויס מיט געוואלד א דאָקטאָר... איז זי ביים באוואוסטזיין? (געהט צו צו זאָפיען, טאַפּט איהר דעם פולס און מיט אמאָל שרייט ער אויס מיט אַ שרעקליכע שטימע.) זי לעבט נישט!!

גאָלדבלום און לודמילא (לויפען צו און טאַפּען איהר דעם פולס. לודמילא בויגט זיך צו צו איהר, הערט זיך צו צום האַרצען. אַ מינוט שטיל.)

לודמילא (שטיל): ניין! ניין! דאָס האַרץ קלאַפּט פּאַמעליך... איך פיהל זיכער...

מאַקסים (שטעהט פעסט אָנגעשפּאַרט אין טיש, שטעהט ווי פארשטיינערט. פיהרט מיט זיך אַ קאַמף. שווייגט טרויעריג.)

גאָלדבלום (שטיל צו לודמילען): נעצט איהר איין די שלייפען! באמיהט זיך איהר אויפ־צואוועקען. איך געה — אפשר וועל איך ברענגען א דאָקטאָר, רעצעפּטען...

לודמילא: וואו איז זי פארוואונדעט? מ'זעהט נישט אין ערגעץ די וואונד...

גאָלדבלום: דוכט זיך לעבען האַרצען, ווייל ווען איך האָב זי ארומגענומען, האָב איך געפיהלט א פייכטקייט פון בלוט...

לודמילא (דעקט אָפּ דעם מאַנטעל מיט וועלכען זאָפיע איז צוגעדעקט און זאָגט): אך! געוויס אזוי! מ'דאַרף איהר אויסטאָן די קליידער. געהט נע־שווינד! איך וועל שוין דאָ פארבלייבען און וועל זיין לעבען איהר!

גאָלדבלום (ווענדעט זיך צו מאַקסימען, נישט דרייסט): מאַקסים! איהר מוזט גלייך פאָהרען אין „סאָוועט". מיר האָבען פארענדיגט די פארהאַנד־

לונגען! מיר האָבען זיך דורכגערעדט וועגען די קאַנ־הידאַטען פאַר קאָמיסאַרען... איצט איז אַ קליינער איבעררייס, כדי זיך אַ ביסעל צו שטאַרקען... די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערען האָבען געשיקט דעלעגאַטען, אַז זיי ווילען, פאָדערען אַן אַלגעמיינע זיצונג פון „סאָוועט“. האָבען מיר נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערען...

מאַקסים: נו, געווים, איך פאָהר גלייך... זייט רוהיג... (זאַמעלט פאַמעלאַך צונויף די פאַפּירען פון שרייב־טיש און לעגט זיי אין טעקע.)

גאָלדבלום: וועגען זאָפיען זייט רוהיג!... מיר וועלען אַלץ טאָן, וואָס ס'וועט נאָר מעגליך זיין... (געהט אָפּ, נאָך איהם אויך די סאָלדאַטען).

## 7 טע סצענע.

(זאָפיע האָט אָפּגעזיפצט שטיל און ס'הערט זיך אַ שטיל כאָרכלען ביי איהר אין האַלז).

לודמילא (מאַכט איהר כסדר נאַס די שלייפען מיט וואַסער, הויבט איהר אויף דעם קאָפּ, קנעפּעלט איהר פאַנאַנדער די קליידער): איז אייך נישט בעסער?...

זאָפיע (עפענט די אויגען. קוקט שטאַר).

לודמילא (צו מאַקסימען פרעהליך): זאָפיע לעבט... זעהט, זי איז ביים באוואוסטזיין! (צו זאָפיען.) וואו טוט אייך וועה?...

מאַקסים (רייסט זיך אָפּ. געהט צו צו זאָפיען, בויגט זיך צו): זאָסיענקאָ! פיצעלע!... טייבעלע!... דערקענסט מיר נישט? דאָס בין איך! מאַקסים!... זאָסיענקאָ! רעד, כאָטש אַ וואָרט!...

(זאָפיע מאַכט אַ באַוועגונג. וויל זיך אויפהויבען. לודמילא און מאַקסים העלפען איהר. הויבען איהר אויף דעם קאָפּ. פאַרהוסט זיך, אויף איהרע ליפּען באַווייזט זיך אַ פּאָס פאַרגליווערט בלוט. לודמילא ווישט איהר שנעל אָפּ דעם מויל מיט אַ נאַס טיכעל).

מאַקסים (פינסטער): זי שטאַרבט...

לוד[illegible]ילא (מיט הוי[illegible] [illegible]זם איי ייישט מע[illegible] ליך... [illegible]ד וואונד [illegible] [illegible]ייג ...

זאָפיא (אין אָנהויב הייזעריג. וואָס ווייטער מיט אַ ריינערע אָבער אָפּגעריסענע שטימע): אָ! אָ! אָ!... וואָס פאַר אַ גרויסע! ריזיגע!... זי געהט, זי געהט... וואָס ווייטער אַלץ בעסער זעה איך איהר!... וואָס פאַר אַ שעהנע, שטראַהלענדע!... אויפ׳ן קאָפּ טראָגט זי אַ קראַנץ פון בלוטיגע רויזען! אַך! וואָס פאַר אַ שרעקליכע אויגען!... איך האָב מורא... מאַמע! מאַמע! מאַמעשי!... (פאַלט כלי־פענדיג און פארהוסט זיך הויך.)

מאַקסים (מיט אַ שטילע אָבער פארצווייפעלטע שטימע): זאָסיענקאַ, זעהסטו נישט, אַז איך בין לעבען דיר!... האָב נישט קיין מורא... קיינער אחוץ מיר איז דאָ נישטאָ!... זאָכנאָ! טייבעלע!...

לודמילא (שטיל): רעדט צו איהר אויף פויליש!... זי איז אביסעל ביים פארשטאַנד!...

זאָפיע (איינהערענדיג זיך. רייסט זיך ראפּטאָם אויף): איך וויל דיר גוט זעהן... איך וויל דיר דערקענען, ליב האָבען... פארוואָס האָסטו אַזוי שטאַרק פארדעקט דעם פּנים? פאַרוואָס אַזאַ דיקען וואואַל אויף דיין פּנים?... איך האָב געדענקט, אַז דו ביסט אַ שעהנע, ווי דער פריהלינג, אַז דו וועסט אונז פארמאַטערטע לייכטען ווי אַ וואונדער! ווי דער פאַנטאַסטישער גן עדן!... פאַר וואָס ציהסטו אַזוי אויס די הענד? פאַר וואָס רייסטו אַזוי דיין וואונדערליכע פּורפּור־קלייד?... אַך! (שרייט.) האַלט איהר! האַלט! משוגענע... זי רייסט זיך אַליין אַרויס דאָס האַרץ! אַך!... (פאַלט וויינענדיג.)

מאַקסים: וואָס איז עס אַזעלכעס? וואָס פאַר אַ שרעקליכער חלום מאַטערט דער אָרימער? זאָפיא! ווענען זעהסטו? הערסטו נישט, וואָס איך רעד צו דיר... דערקענסטו נישט מיין שטימע? מיר? מאַקסימען?

(זאָפיע אָטעמט שווער. איז נישט ביים פארשטאַנד.)

לודמילא (אונרוהיג): אַך! ווען אַ דאָקטאָר וואָלט געקומען!... אַ! איך וועל גאָר טעלעפאָנירען צו גאַוורילאָווען... (געהט צו צום טעלעפאָן און קלינגט.)

זאָפיאַ (האָט ווידער ערוואַכט) : וואַסער...

מאַקסים (איילענדיג, דערלאַנגט איהר די גלאָז צום מויל) : איז דיר נישט בעסער?...

זאָפּיאַ (מעהר ביי די געדאַנקען) : מאַקסים וועט גאָרנישט אויספיהרען, ווייל זי וויל נישט!... (פון היץ.) וואָס פאַר אַ מאָרגע זי איז, אַנדערש פון אַלעמען!... אַלעמען איבערגעשראָקען... געוועקט אַן עקעל און שפּעטער אַלעמען באַגייסטערט!... אַלעמען באַצויבערט! פון דער ווייטענס, אין איין שטונדע האָט זי געוואונען מיליאָנען הערצער, מיליאָנען צע־וועהטאָגטע נשמות!... אַלע האָבען איהר גלייך ליב באַקומען... צו איהר האָבען זיי געווענדעט זייערע זיפצען, זייערע האָפנונגען... דער קלאַנג פון איהר נאָמען האָט מיט אַ פרעהלאַכען עכאָ זיך אָפּגערופען ביי די מוטערס מיט צובראָכענע הערצער... אין די צוקלאַפּטע פאַטערליכע קעפּ... אין אונזערע פאַרברענ־טע פוילישע דערפער... ביי אונזערע ארויסגעיאָגטע, צושפּרייטע מאַסען וואַנדערער... (מיט אַ וויינענדיגע שטימע, פּישטשענדיג ווי אַ קינד.) וואָרום איז זי אַזאַ שלעכטע?... דערבאַרם זיך! האָב רחמנות אויף דער אומגליקליכער מענשהייט... דו פאַרשטעלטע! אומ־באַקאַנטע! פאַר קיינעם נישט פאַרשטענדליכע... (רייסט זיך אויף.) ווידער! זי האָט זיך אַוועקגע־שטעלט... און קוקט אויף מיר... אָבער איך וויל דיר זעהן... קלאָר... וואָרום באַהאַלסטו דיין פּנים?... וואָרום מאַטערסטו מיר מיט דיין פאַרבאָרגענקייט? דו!... דו!... מכשפה!... איך ווייס נישט אויב דו מאַכסט פון אונז חוזק! אָדער דו ווילסט אונז אויס־ראָטען, אַ תל מאַכען, אויב דו בינסט שלעכט... אָדער דו בינסט גוט!... איך ווייס גאָרנישט וועגען דיר. דאָס איז שרעקליך!... איך האָב דיר פאַרנע־נעוואָלט ליב האָבען, שטאַרק ווי דאָס לעבען... און דו... דו מאַטערסט מיר אַזוי!...

מאַקסים (טרייסעלט כמעט זאָפיען מיט פאַר־צווייפלונג) : זאָפיע! וואַך אויף פון דער היץ־

חלשות! ווער מאַטערט דיר אַזוי? דאָ איז קיינער נישטאָ!

זאָפּיאַ (וויינט): מאַקסים! מאַקסים!... דו ביסט דאָך אַ שטאַרקער. רייס איהר אַראָפּ דעם שוואַרצען צודעק!... באַווייז מיר ווער איז זי? וואָס איז זי?... אַ טייוועל, אָדער אַ מלאך?... אָט זעהסט, זעהסט... זי האָט זיך ווידער געשטעלט אין שאָטען, כדי קיינער זאָל איהר קלאָר נישט זעהן... אָט!... אָט זי קערט זיך אָפּ, זי געהט... ווי שנעל זי געהט... (שרייט.) דאָרט איז אַן אָפּגרונד!!! שטעה!... מאַקסים, כאַפּ איהר, האַלט איהר אָפּ! רוסלאַנד!... דאָס יונגע, שענע, שטראַהלענדע, פּור־פּורנע רוסלאַנד וועט פאַלען אין אָפּגרונד... (וויינט.)

(לודמילע שטעהט ווי אַ צוגעשמידטע.)

וועגען מיר... וועגען אונזער קינד... וועגען מאַיען...

שטיל): שאַ! שאַ! מאַטער זיך נישט, אָרימע, מיט טערט! איך האָב דיר פאַרהייליגט... איך האָב דיר די חלומות... דאָס יונגע פּורפּורנע רוסלאַנד וועט לעבען, וואַקסען, בליהען... מאַטער זיך נישט... טראַכט וועגען מיר... פון אונזער טאָכטער.. פון מאַיען... געדענקסט מאַיען?... אונזער ליכטיגע קליינע מאַיע? וועסט פאָהרען צו איהר...

זאָפּיאַ (חזר'ט איבער אין היץ): מאַיאַ... מאַיאַ... (ציטערט פיבעריש.) מאַיאַ... ווער רעדט פון מאַיען?...

מאַקסים: איך, דיין מאַן, מאַקסים...

זאָפּיאַ (קומט אַ מינוט צום באַוואוסטזיין, וויינט שטיל): מאַקסים!... לעבען מיר... איך האָב אַזוי מורא געהאַט, אַז איך וועל שטאַרבען אָהן דיר... מאַקסים, באַגראָב מיר אין פּוילען... פיהר מיר אַוועק כאָטש נאָכ'ן טויט... אין אַ פּוילישען דאָרף...

מאַקסים (נישט דייטליך): ניין! ניין! מיין אָרימע!... דו וועסט נישט שטאַרבען... (זאָפּיע פאַלט.) וואַסער! אום גאָטעס ווילען! בלוט אויף די ליפּען!

(לודמילא איילט מיט וואַסער.)

זאַפּיאַ (מיט אָנשטרענגונג): אונזער טאָכטער מאַיען ערציה ווייט פון רוסלאַנד... (שטאַרבט).

(לודמילע באַנעצט איהר שנעל דאָס מויל מיט וואַסער. טאַפּט דעם פּולס, דאָס האַרץ... שטעלט אַוועק די גלאָז... און בלייבט שטעהן אונבאַוועגליך צוקאָפּענס.)

מאַקסים (מיט אַן אונבאַגרעניצטען וועהטאָג. כאַפּט זיך פאַר'ן קאָפּ. געהט צו צו דער געשטאָרבענער. ווי עס וואָלט איהם אָפּגעשטויסען. רעדט מיט אַן אָפּגעהאַקטע, שרעקליכע שטימע): לודאַ!... פאַרמאַך איהר די אויגען!! שרעקליך איז דער טויטער בליק!

לודמילא (טוט אזוי, זאָגענדיג): שלאָף מיט אַן אייביגער רוה, אָרימער, פאַרבלאָנדזשעטער פויגעל!...

מאַקסים: משוגע צו ווערען!...

לודמילא: עס איז שרעקליך איהרע גסיסה־זעהונגען!!... (קוקט שטאַר אויף מאַקסימען.) וואָס ווייטער?... וועט איהר אויסהאַלטען אויך דעם וועהטאָג?... (פּלוצלונג קלינגט שטאַרק דער טעלעפאָן.)

לודמילא (ציטערט אויף און געהט צו צום טעלעפאָן): ווער איז?... באַלד!... (לאָזט אָפּ די טרובקע.) מען וואַרט אויף אייך אומגעדולדיג!!

מאַקסים (גלייכט זיך אויס ווי אַ סטרונע, דריקט דעם קאָפּ מיט ביידע הענד. געהט צו צו זאָפּיען, גיט אַ קוק אויף איהר. פאַרוואַרפט אויף איהר דעם מאַנטעל. נעהמט שנעל די טעקע און רעדענדיג צו לודמילען געהט ער צו דער טיר): איהר מוזט מיט מיר מיטפאַהרען! מיר מוזען היינט די רעגירונג באַשאַפען!...

(געהט אָפּ. לודמילע אײלט נאָך איהם. די קלויסטער־גלאָקען הערען זיך שטאַרק.)

פאָרהאַנג פאַלט.

# יעדער נומער וועלט־ביבליאָטעק
# צעהן סענט

1. אַנטאָנינא סאַקאָליטש :
די פּויסט.

2. וואַשינגטאָן אירווינג :
ריפּ וואַן ווינקל.
די לעגענדע פון פאַרשלאָפענעם טאָל.

---

יעדער איינער וואָס שיקט אונז צו פאַר
10 סענט סטעמפּס פּרינט צוגעשיקט א ביכעל
...א גרע־
...רגאַניזא־

ISBN:0-657-13531-3


---

אדרעסירט אויף פאלגענדען אדרעס :

H. TAUBENSHLAG
501 W. 172nd St., New York City